ניכטענדען קריעג, האָט גריכענלאַנד אין פּלאַטעאַ געוואונען אַן ענטשיידענדען זיעג איבער די פּערזישע איינדרינגער און זיי ענדליך פּערטריבען אויף אייביג פון זייער לאַנד. צו איהרע סאָלדאַטען וואָס זיינען געפאַלען אין קריעג האָט זי אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט. פאַר דעם דאָזיגען מאָנומענט האָט איהר דיכטער סימאָנידעס אָנגע־שריבען אַ זכרון. דאָרט מאַכט ער די טויטע העלדען רעדען בזה הלשון:

„אויב צו פאַלען פון אַ נאָבעלען טויט איז דער הויפּט ציעל פון ערהאבענ־הייט, דאַן האָט דאָס גליק אונז צוגעטיילט אזא שיקזאַל. ווייל איילענדיג זיך ארויפצוזעצען אַ פּרייהייטס־קרוין אויף העללאַס, ליעגען מיר אין בעזיץ פון בעריהמטקייט וואָס ווערט קיינמאָל ניט אַלט.“

פּונקט מיט אזוי פיעל ווי די פּרייהייט פון דער וועלט איז איצטער וויכטיגער ווי די פּרייהייט פון גריכענלאַנד אין אלטערטום, גראדע אזוי הייסט דיעזע אויפ־שריפט, אין איהר גאנצער וואַרהייט, איינפאכקייט און ערהאבענהייט, און בעלאנגט צו יענע פון וועמען עס קען געפאָדערט ווערען דער ערהאבענער קרבן, ווייל איהר וועט דאן ליעגען אין בעזיץ פון בעריהמטקייט וואָס ווערט קיינמאָל ניט אַלט.

פּ. ו. ה ע נ ש אָ,

סופרים קאָורט ריכטער פון קאַליפאָרניא.

## די פליכט פון סאָלדאַט און ציווילנעם.

דאָ האָט איהר ניט נאָר אונזער אורזאַך פון קריעג, נאָר אויך די נויטווענדיגקייט פון קריעג, און ווער עס פערשטעהט די דאָזיגע אורזאַך מעג זיך שטעלען גלייך און זיך ניט שעהמען פאר דעם כסא המשפט פון גאָט און מענשען. און וואָס איז די פליכט פון אונזער פאָלק, פון דעם זעלבסט-הערשענדען פאָלק פון דיעזען לאנד? אויב סאָלדאט, מאטראָז אָדער ציווילנער, דארף זיין יעדער געהאָרכזאם און זיך איבערגעבען מיט לייב און זעעל אין דיענסט פון אונזער לאנד. די שטימע פון יעדער קריטיק זאָל שטיל ווערען, סיידען די דאָזיגע שטימע קען מאכען עפּעס אַ העלפענדען פּאָרשלאַג. צווישען די געפאהרען און שמערצען פון אַ נאציאָן איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאר בייזוויליגקייט אָדער להכעיס. יענער איז ניט קיין אמעריקאנער, און איז אויך אַ פערהרעטהער, וועלכער הויבט ניט אויף זיין האנד מיט פרייד און איבערגעבענהייט צו העלפען אונזערע רעגיערער — רעגיערער וועמען מיר אליין האָבען אויסגעוועהלט און אוועקגעזעצט אלס אויטאָריטעטען צו פיהרען דאָס שיקזאל פון אונזער בעליעבטעם לאנד.

## צו אייך.

אין דעם איצטיגען קריעג, ווי אין קיין אַנדערען, זיינען די ענטוויקעלטסטע נאציאָנען פון דער ערד בעטייליגט אין אַ קאמפּף אויף טויט און לעבען. דער וועלט׳ס גרעסטע ערפינדונגס זשעניען האָבען זיך פערוואנדעלט אין צושטערונגס-עלעמענטען. יונגע לייט, וואָס וואָלטען דערגרייכט בעריהמטקייט אין קונסט, אין וויסענשאפט, אין ליטעראטור זיינען מונטער אוועק צום טויט. מיליאָנען אַנדערע וואָס וואָלטען געפיהרט אַ פריעדליכען לעבען אלס פאָטערס פון קינפטיגע דורות, זיינען פעררעכענט אלס „אונבעקאנטע, ניט-געצעהלטע דיענער פון שווערט“. די ציוויליזאציאָן זעלבסט איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען ווי פון אַ ריעזיגער ערד-ציטערניש, פון דאַך ביז צום גרונדשטיין. און צו דיעזע גרעסטע פון אלע גרויסע קאטאסטראָפען זיינט איהר גערופען אנטייל צו נעהמען. לוינט עס זיך? אויב איהר רעספעקטירט פרויענשאפט דאן קען זיין בלויז איין ענטפער. אויב איהר ליעבט די פרויען פון אייער אייגענער פאמיליע, דאן קען זיין בלויז איין ענטפער. אויב איהר עהרט דאָס לאנד וואָס האלט אייך טייער און האָט אייך געגעבען אַן אונפערגלייכליכע אונאבהענגיגקייט, דאן קען זיין בלויז איין ענטפער. אויב איהר גלויבט, אז די פעראייניגטע שטאאטען דארף ניט בויגען איהר האלז צום יאָך, דאן קען זיין בלויז איין ענטפער. אויב איהר גלויבט, אז די פעלקער פון דער ערד האָבען אַ רעכט אויסצוארבייטען זייערע אייגענע שיקזאלען אלס פרייע מענשען, דאן קען זיין בלויז איין ענטפער. סיידען איהר גלויבט, אז עס איז ניטאָ קיין מענשליכע שטרעבונג וואָס זאָל זיין אזוי נאָבעל איהם צו בערעכטיגען ער זאָל איינשטעלען זיין לעבען צו דערגרייכען זיינע ציעלען. סיידען איהר גלויבט, אז עס מאכט ניט אויס ווי אַ מענש לעבט אַבי ער לעבט, דאן קען זיין בלויז איין ענטפער. מיט 24 הונדערט יאָהר צוריק, צום שלום פון אַ פער־

אזא ראדיקאלע רפואה וואָלט געבראכט דעם שנעלסטען פריעדען. צעגערונג, נאָכ־דענקען, סענטימענטאליטעט און איבערלעגונג זיינען אונפערצייהליכע שוואכקייטען. א בעשטימטע, אונ׳ברהמנות׳דיגע האנדלונג און דאן קומט דער זיעג.“

פריעדענס אונטערהאנדלונגען.

דייטשלאנד האָט געהאָפט, אז דורך א שנעלען אַנגריף אויף איהרע אונפאָר־בערייטעטע געגנער וועט זי קענען מאכען א שנעלען סוף פון דעם קריעג. זי האָט צוגענומען בעלגישען, פראנצויזישען, רוסישען, סערבישען און רוסישען באָדען, אָבער איבעראל האָט זי ניט געהאט קיין גאנצען ערפאָלג. זי האָט געוואונען שלאכטען, אָבער זי האָט ניט געקענט זיעגען, און זי האָט זיך איבערצייגט, אז זי קען ניט זיעגען. עס איז איהר בלויז געלונגען ארויסצורופען געגען זיך דעם צאָרן פון א געקריינקטער וועלט. זי איז בערייט איצט צו מאכען א סוף כדי זי זאָל אין דער צוקונפט ווידער אמאָל פּרובירען. אזא פריעדען בעדייטעט עס זאָל בלייבען ווי פאר׳ן קריעג איז געוועזען.

בעטראכט דאָס אָבער: א געזינדעל מיט באנדיטען גרייפט אָן אייער שטאָדט, ערמאָרדעט אייערע פריינד, בערויבט די בענק און קאָמערץ הייזער, שענדעט די פרויען, צינדט אונטער אייערע היימען און ציהט זיך צוריק מיטפיהרענדיג פיעלע פון אייערע אונשולדיגע מיידלעך. דער שעריף אָרגאניזירט א מחנה מיט מענשען, יאָגט נאָך און רינגעלט ארום די באנדיטען אויף די בערג. איהר זייט א מיטגליעד פון דערזעלבער מחנה מענשען. דער באנדיטען הויפּטמאן שיקט אָנזאָגען פאָלגענדעס צום שעריף: „מיר האָבען אייך צוקלאפּט און מיר קענען עס נאָך אמאָל טאָן. דאָך ווילען מיר עס ניט דוקא טאָן. מיר ווילען ניט מעהר קיין צרות. לאָמיר פערגעסען וואָס עס איז געוועזן. לאָמיר עס מאכען ווי עס איז געוועזן פאר׳ן קריעג און מיר ווערען אייך זאָגאר אומקעהרען די מיידלעך“. וואָס וואָלט איהר געדענקט פון אזא פאָרשלאָג? פונקט ווי איהר וואָלט געדענקט דאריבער, אזוי דענקען איצטער אויף די אליאירטע נאציאָנען אויף דעם פאָרשלאג פון דייטשלאנד עס זאָל בלייבען ווי עס איז געוועזן פאר׳ן קריעג.

די עליים, אונטער דער פיהרערשאפט פון אונזער פרעזידענט, האָבען ערקלעהרט, אז דאָס קען ניט זיין; אז די גאנצע מלחמה וואָלט אומזיסט געפיהרט געוואָרען, ווען מען זאָל ניט קענען אויספיהרען אז דייטשלאנד זאָל ניט קענען פיהרען נאָך אזא קריעג; אז דאָס פערברעכען געגען פריעדליכע לענדער, וועלכע מען האָט פערוויסט, די טויזענדע רוהיגע בירגער וואָס מען האָט ערמאָרדעט, געשענדעט און אוועק־געפיהרט אין שקלאפעריי קען ניט אָפּגעווישט ווערען בלויז דורך צוריקשטעלען ווי עס איז געוועזן פריהער: אויסער צוריקשטעלונג (רעסטאָריישאָן) מוז אויך זיין פערגיטיגונג (רעפּעריישאָן) פאר דער פערגאנגענהייט און פאר דער זיכערונג פון דער צוקונפט. ווער צווייפעלט אין דער גערעכטיגקייט פון אזא פאָדערונג?

פראנקרייך אויפ'ן מעדיטעראנישען אָקעאַן, וועט זי צושטערען יעדע שיף וואָס איהרע סובמארינס וועלען אַנגרייפען און זי האָט געענדיגט די דאָזיגע ערקלעהרונג פון שרעקליכקייט מיט אַ פערעכטליכער און בעלײדיגענדער קאָנצעסיע, אַז זי וועט ערלויבען אַ געוויסע צאָהל אמעריקאנער שיפען צו פאָהרען איבער די ימים און געהן אין ענגלישע האפענס, מיט דער בעדינגונג, אַז זיי וועלען דאָרט פערבייגעהן בלויז אין אַ געוויסער צייט, אויף אַ געוויסער ריכטונג, געפּארבט ווי אַ זעברא מען זאָל זיי דערקענען, און מיט אַ גאראנטיע פון אונזער רעגיערונג, אַז זיי פיהרען ניט קיין קאָנטראבאנד. אונזער רעגיערונג האָט זיך אַנגעליטען מיט גרויסער געדולד. אָבער ענדליך האָט די געדולד געפּלאַצט. דייטשלאנד האָט אונז מודיע געווען, אַז קיין איינציגע פון אונזערע רעכטע וועט רעספּעקטירט ווערען און מיר קענען בלויז קריגען אַ קליינע קאָנצעסיע, ווען מיר וועלען צוגעבען, אַז זי שטעהט איבער אונז. וועהרענד דער צייט פון פריעדען, האָט דייטשלאנד, דורך איהרע שפּיאָנען, ארבייטענדיג אונטער דעם דייטשען אמבאסאדאָר אין וואשינגטאָן, פּראוואזאכט גרויסע צושטערונגען אין אונזערע שיפען און אמוניציע פאבריקען. זי האָט זאָגאר אינטריגירט און געהעצט מעקסיקאָ און יאפּאַן זיי זאָלען ערקלעהרען קריעג געגען אונז, זיי פערשפּרעכענדיג הילף און אַן איינטיילונג פון לאנד. אזוי האָבען מיר זיך איבערצייגט, אַז דייטשלאנד איז געגען אונז, פּונקט ווי זי איז געווען געגען דער גאנצער וועלט, און אַז מיר מוזען פיהרען קריעג געגען איהר, ניט נאָר צו פערהינדערען אַ ווידערהאָלונג פון איהרע אונרעכטען געגען אונז, נאָר אויך אום אויפצוהאלטען אונזער רעגיערונג און אונזערע הײמען, אָדער די פערברעכענס וואָס זי האָט בעגאנגען געגען בעלגיען און פראנקרייך וועלען אויך בעגאנגען ווערען געגען אונז.

כאָטש די קריעגס-ליניע צו וועלכע איהר וועט געהן איז געצויגען דורך דער לענג פון אייראָפּא, קעמפּפט איהר, אין דער ווירקליכקייט, אין פערטיידיגונג פון אייערע הײמען גלייך ווי די קריעגס-ליניע וואָלט געווען פון ניו יאָרק ביז ניו אָרלינס און אייך וואָלט מען געשיקט צו דער וועסט זייט. אין דיעזען קריעג, ווי אונזער פּרעזי־דענט זאָגט ריכטיג, קעמפּפט איהר ניט נאָר פאר דער פרייהייט פון אונזערע אינ־סטיטוציאָנען, איהר קעמפּפט ניט נאָר פאר דער דעמאָקראטיע פון דער הײם, נאָר איהר קעמפּפט אויף פאר דעמאָקראטיע, פרייהייט רעכט און גערעכטיגקייט פון דער גאנצער וועלט.

מען האָט אייך שוין עפּעס געזאָגט וועגען דער געמיינהייט פון דייטשע גע־דאנקען, וואָס ווייזען זיך ארויס אין זייערע לעהרען. דיזעלבע לעהרען בערעכטיגען אלס „מיליטערישע נויטווענדיגקייטען" די אלע רציחות וואָס די דייטשען בעגעהען. הערט זיך נאָר איין צו איינעם פון די גרויסע פיהרער אין דייטשען רייכסטאג, ערצ־בערגער: „וואָס מעהר אונברחמנות'דיג און אכזריות'דיג קריעג איז, אלץ מענש־ליכער איז דאָס, ווייל עס ענדיגט זיך דאן שנעלער. אין קריעג שטימט דאָס אויס־פעהלען פון געוויסענסביסע מיט דער גרעסטער מענשליכקייט. ווען מיר זאָלען קענען פערניכטען לאָנדאָן, וואָלט עס געווען מעהר מענשליך ווי צו ערלויבען איין איינציגען פון אונזערע דייטשע קאמעראדען צו פערגיסען זיין בלוט אויפ'ן שלאכטפעלד, ווייל

האט ניט געדארפט אויפגעהאלטען ווערען דורך פערכאפען קאמערץ־שיפען וואס פיהרען סחורה נאך ענגלאנד, נאר דורך צושטערען אלע שיפען דורך סובמארינס. עס איז געווען און עס איז דאס אינטערנאציאנאלע געזעץ פון די הויכע ימים, אז נייטראלע שיפען דארף מען ניט טשעפען, אפילו ווען זיי געהען צו א בלאקאדירטען האפען, סיידען זיי פיהרען, וואס איז בעקאנט, אלס „קריעגס קאנטראבאנד“. קריעגס קאנטראבאנד ווי מיר פערשטעהען עס קען ערלעהרט ווערען אלע סחורה, קריעגס אמוניציאן אדער אנדערע מאטעריאלען צום צוועק צו העלפען דעם קעמפפענדען שונא. ווען א נייטראלע שיף האט דאס ניט געפיהרט, איז זי געווען זיכער פאר בעשעדיגונג, שוין ניט רעדענדיג פון צושטערונג, אויסער ווען מען האט געמוזט אויף איהר שיסען ווען זי האט געוואלט ענטלויפען. אזעלכע שיפען זיינען געווען אונטערוואָרפען מען זאל זיי כאפען און בעזוכען, און אויב זיי זיינען ניט געווען שולדיג אין פיהרען קאנטראבאנד האט מען זיי ערלויבט צו געהן זייער וועג. אויב זיי האבען געפיהרט קאנטראבאנד האט מען זיי געמעגט אריינפיהרען אין א האפען וואו עס האט געדארפט בעשטימט ווערען וואס מען זאל טאן מיט דער לאדונג און מיט דער שיף, און אזוי ווייטער. אויסער דעם, האט קיין האנדעלס־שיף, אפילו ניט דעם שונא׳ס האנדעלס שיף, ניט געקענט געכאפט ווערען אדער צושטערט ווערען סיידען מען האט פריהער פערזיכערט די מאנשאפט און די פאסאזשירען. אלע די דאזיגע אנגענומענע רעגעלען ווי זיך צו פיהרען אויפ׳ן ים לויט אינטערנאציאנאלע קריעגס־געזעצע, האט דייטשלאנד באטראכט פאר א שטיקעל אונניצליך פאפיער, אדער פונקט ווי זי האט געהאנדעלט מיט איהר טראקטאט מיט בעלגיען. די נאציאנען זיינען אויפגעציטערט געוואָרען איבער דער פערזינקונג פון דער „לוסיטאניא“, אן אונשעדליכע, אונבעוואפענטע פאסאזשיר שיף, וועלכע האט געפיהרט איבער צוויי הונדערט אמעריקאנישע מענער, פרויען און קינדער. און די דייטשען האבען אויף איהר אנגעשיקט א סובמארין און ניט געאכטעט אויף דעם פערלוסט פון מענשען־לעבענס. אונזער רעגיערונג האט פראטעסטירט, און וועהרענד א קארעספאנדענץ איז אנגעגאנגען, האט דייטשלאנד פארטגעזעצט צו צושטערען אלע האנדעלס־שיפען וואס איהרע סובמארינס האבען געגרייכט. די „לוסיטאניא“ איז געגאנגען אונטער אן ענגלישער פאהן, אבער דייטשלאנד האט צושטערט אויפ׳ן זעלבען אופן שיפען אונטער דער אמעריקאנישער פאהן מיט׳ן פערלוסט פון לעבען פון אמעריקאנישע בירגער. ענדליך, אונטער ווידערהאלטע פראטעסטען און ווידערהאלטע ווארנונגען פון אונזער רעגיערונג, האט דייטשלאנד איינגעשטימט איבערצורייסען דעם „אונ־בעשרענקטען געברויך פון דער סובמארין וואפע“ און ערקלעהרט, אז זי וועט מעהר ניט אזוי מוטוויליג און אונגעזעצליך צושטערען די נייטראלע שיפען. זי האט אפגעהיט איהר פערשפרעכען א געוויסע צייט. עס ווייזט זיך איצטער דייטליך ארויס פון איהר אייגענער ערקלעהרונג, אז זי האט עס נאר געטאן אום איינצושטילען אונזער צארן וועהרענד זי האט געבויט נאך סובמארינס. דאן האט זי אין יאנואר 1917 בעקאנט געמאכט די פעראייניגטע שטאאטען, אז זי וועט פארטזעצען איהר אונברחמנות׳דיגע סובמארין קריעג און אנצייגענדיג א געגענד, וואס האט ארומ־גערינגעלט די ענגלישע אינזלען און זיך אויסגעצויגען ביז צו די ים־ברעגעס פון

שטערען דאָס לעבען פון זייערע אייגענע לאנדסלייט, מאכענדיג אמוניציאָן און גראָבענדיג טרענטשעס. זי איז דערביי ניט געבליבען שטעהן. מיידלעך און פרויען זיינען פערשיקט געוואָרען, און אין די טויזענדער און צעהנדליגע טויזענדער זיינען זיי געבראכט געוואָרען אלס קרבנות פון דער תאוה פון די דייטשע סאָלדאטען. טויזענדער און טויזענדער פון די פריעדליכע בירגער, צווישען זיי פרויען, קינדער און גייסטליכע, זיינען ערמאָרדעט געוואָרען פאר פערברעכענס, וואָס איז צוגעגעבען געוואָרען, אז ניט זיי, נאָר אנדערע ציווילע בעלגיער, האָבען בעגאנגען. זי האָט שרעקליך צוקאליעטשעט פערוואונדעטע געפאנגענע, און אבזיכטליך זיי ניט געגעבען גענוג צום עסען און זיי אויסגעזעצט צו אָנשטעקענדע קראנקהייטען אין די געפענגנים לאַגערן. זי האָט געמאכט פאר קאליקעס קליינע קינדער זיי אָפּשניידענדיג הענד און פיס. זי האָט געטאָן פונקט דאָס זעלבע אין די בעזיעגטע לענדער פון פראנקרייך, רוסלאנד און פוילען. אין די אפריקאנישע קאָלאָניען, איידער די ענגלישע ארמעען זיינען אהין אריין, האָבען די צוריקציהענדע דייטשען פערגיפטעט די ברונימס. זיי האָבען דאָס געטאָן אום צו טויטען דעם זיעגרייכען פיינד, און זייער קאָמאנדירענדער גענעראל האָט מודה געווען, אז ער האָט דאָס געטאָן אונטער דער רעכטפערטיגונג פון „מיליטערישער נויטווענדיגקייט". איבער ענגלאנד האָבען זיי אוועקגעשיקט זייערע לופט־שיפען, וואָס האָבען ארונטערגעשליידערט הונדערטער טאָנס פון באָמבעס איבער אונבעפעסטיגטע שטעדט, מאָרדענדיג פרויען מיט קינדער. די טערקען, וועמען די קריסטליכע בירגער האָבען אריבערגעשטיגען אין צאָהל, און ערביטערט דורך דעם אויפשטאנד פון די קריסטען אין באלקאנישען קריעג, האָבען געפאסט דעם ניעדערטרעכטיגען בעשלוס אויסצומאָרדען אלע קריסטען. זייער הויפט שנאה האָט זיך קאָנצענטרירט געגען די ארמענער, וועלכע וואוינען אין קליין אזיען. די ארמענער זיינען זעהר אן אלט פאָלק. זינט יאָהרען און יאָהרען האָבען זיך די טערקען אזוי שרעקליך אויפגעפיהרט, אז מען האָט זיי א נאָמען געגעבען „די ווילדע בארבארען" און איבער צוויי דורות האָט די געשיכטע פערצייכענט זייערע בארבאריען געגען די ארמענער, ביז וואַנען „רציחות געגען ארמענער" איז געוואָרען א דיפּלאָמאטישע פראזע. זיך בעדיענענדיג מיט דער געלעגענהייט פון דעם איצטיגען קריעג, האָבען די טערקען, די אליאירטע פון דייטשלאנד און פאָלשטענדיג אונטערוואָרפען אונטער איהר ווילען, אָנגעפאנגען בוכשטעבליך צו פערניכטען די ארמענער. די קריסטליכע נאציאָנען האָבען אפּעלירט צום קייזער, דאָס האָבען געטאָן אי די נייטראלע, אי די קריעגערישע נאציאָנען. בלויז איין שאָקעל מיט זיין קאָפּ „ניין", וואָלט געמאכט א סוף צו די מערדערייען. ער האָט אָבער דאָס אויך ענטזאגט בעהויפּטענדיג, אז ער קען זיך ניט מישען אין די אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון זיינע פערבינדעטע, און איינע פון דעם קייזער'ס גרעסטע פערברעכענס אין דיעזען קריעג, איז די גרוזאמע ערמאָרדונג פון א מיליאָן ארמענער, מענער, פרויען און קינדער.

פון דעסטוועגען האָבען וועניגע פון די דאָזיגע פערברעכענס אונז דירעקט אָנגעריהרט. אָבער דייטשלאנד איז דערביי ניט געבליבען שטעהן. זי האָט זיך אונטערגענומען צו שלאָגען ענגלאנד דורך אן אזוי־גענאנטער בלאָקאדע. אָבער די דאָזיגע בלאָקאדע, נאָכדעם ווי ענגלאנד האָט פעריאָגט די דייטשע פלאָטע,

גרינג צו מאכען אן איינדרוק אויף זיי. דערפאר זאגען זיי: לערענט א יונגען מאן אז גנב'ענען איז ניט נאר ניט קיין פערברעכען, נאר א גוטע זאך, וועט ער מיט דער צייט ניט נאר ווערען א קעשענע־גנב, נאר איהר וועט האבען א קעשענע־גנב, וואס גלויבט, אז זיין האנדלונג איז א גערעכטע. אט אזוי האט מען ערצויגען דייטשלאנד'ס יוגענד, דורך א רייהע פון דורות צו גלויבען, אז דארט וואו דייטשלאנד איז פער־אינטערעסירט קען ניט זיין אונרעכט.

די ציוויליזירטע וועלט האט אנערקענט, אז קריעג איז שוידערהאפט. אלע נאציאנען שטימען איין, אז מען דארף וואס גיכער אוועקנעהמען די שרעקליכקייטען פון קריעג. האלאנד האט אויפגעבויט א פרעכטיגעס בית־המשפט אין האאג, וואו אונפּאראינטערעסירטע און געלערענטע מענשען אויסגעקליבען פון אלע נאציאנען זאלען זיך בעגעגענען און בעהאנדלען די סכסוכים פון פעלקער, און א בוררים געריכט צו פערהינדערען קריעג. קאנפערענצען צווישען פארשטעהער פון נאציאנען זיינען פון צייט צו צייט אפּגעהאלטען געווארען איינצושטימען ווי מען זאל זיך פיהרען אין קריעג, צו פערקלענערען די וועהטאגען און ליידען. צו די דאזיגע קאנפערענצען האט דייטשלאנד געשיקט איהרע פערטרעטער. דארט האט מען בעשלאסען פיעלע זאכען צו וועלכע די נאציאנען האבען איינגעשטימט. צווישען די דאזיגע זאכען איז עס געווען, אז אין א קריעג זאל די ציווילע, ניט־קעמפּפענדע בעפעלקערונג אזוי װעניג געשטערט ווערען ווי נאר מעגליך און מען זאל ניט שאדען זייערע פערזאנען אדער אייגענטום. אויף ניט בעפעסטיגטע שטעדט זאל מען ניט שיסען, און ווען מען וועט יא וועלען שיסען אויף זיי זאל מען זיי פריהער װארנען כדי די ציווילע בעפעלקערונג זאל קענען אוועק. מען האט ניט געדארפט בענוצען געוויסע אונגע־ווינשטע וואפען, ווי דאם־דאם קוילען, וועלכע עקספּלאדירען און פעראורזאכען גרויסע וואונדען. מיט גיפט־גאז האט מען זיך ניט געטארט בענוצען. נאך אנדערע מאס־רעגלען זיינען איינגעפיהרט געווארען. עס איז אויך ניט קיין איבערטרייבונג צו בעהויפּטען, אז דייטשלאנד האט עובר געווען אויף אלעמען, מוטוויליג און בייזוויליג. מיר דארפען ניט געבען קיין פאלשטענדיגע ליסטע פון אלע ניעדערטרעכטיגקייטען. אייניגע ביישפּיעלען וועלען זיין גענוג. פערלעצענדיג איהר טראקטאט מיט בעלגיען האט זי פערכאפּט דעם גרעסטען טייל פון לאנד, זי האט צוגענומען פּריוואט געלד פון די בענק און ארויפגעלעגט שרעקליכע מס אויף די שטעדט. זי האט צוגענומען דאס עסענוואַרג. זי האט געלאזט מיליאנען מענשען אויסגעהן פאר הונגער און זיי וואלטען אויסגעגאנגען פאר הונגער ווען מען וואלט זיי ניט געשיקט קיין עסען פון אנדערע לענדער. דאס איז געווען די בעדייטונג פון דער בעלגישער רעליעף קאמישאן וואס האט, ביז צו אונזער קריעגס־ערקלעהרונג, געהאט אן דער שפּיצע מר. הואווער, וועל־כער איז איצטער אונזער שפּייז־קאנטראלער. נאכדעם ווי דייטשלאנד האט עס געמאכט אונמעגליך פאר די בעלגיער צו ארבייטען און מאכען א לעבען דערפאר וואס זי האט ביי זיי אוועקגענומען אלע געצייג און נאטירליכע קוועלען, האט זי דאס אנגעגעבען אלס אן ענטשולדיגונג פאר אוועקפיהרען טויזענדער און צעהנדליגע טויזענדער אין אמת'ער שקלאפעריי און זיי געצוואונגען צו ארבייטען פאר איהר. זי האט געטאן נאך ערגערעס. זי האט זיי געשטעלט ביי אן ארבייט וואס זאל צו־

דער תוכן פון דיעזען ויכוח, די לעבענס־וויכטיגקייט פון דיעזען קריעג איז, אויב די דייטשע ארמעע זאָל זיעגען, אָדער די מיינונג פון איהרע געגנער זאָל טריאומ־פירען. דייטשלאנד׳ס הויפט אידעע איז, אז זי, איהר מאָראל, איהר „קולטור“, איהרע אידעען, זיינען די בעסטע אין דער וועלט און דערפאר איז עס אויך דאָס בעסטע פאר דער וועלט ייען זיי ווערען ארויפגעצוואונגען אויף די מענשען, אונגעאכטעט דארויף ווי טייער דאָס קאָסט. אויב אַ פאָלק ווערט אונטעריאָכט, אָדער זאָגאר פערניכטעט, איז עס בלויז אום צו מאכען פלאץ אויף דער ערד פאר אַ העכער און בעסער פאָלק — דאָס דייטשע פאָלק. שטארק דאגעגען און פיינדליך דערצו, איז דער בעגריעף פון די עליים, אז יעדען איינעם אויף דער ערד זאָל עס ערלויבט זיין צו בעשטימען זיין אייגען מזל; זיין אייגענע קולטור, זיינע אייגענע אידעען פון רעגיערונג און אלעס אנדערע, כל זמן דאָס שטערט ניט דיזעלבע רעכטע פון אנדערע מענשען.

דאָס איז וואָס אונזער פרעזידענט האָט געמיינט ווען ער האָט געזאָגט, אז מיר קעמפפען צו מאכען די וועלט זיכער פאר דעמאָקראטיע און אז אונזער קריעג איז ניט געגען דייטשען פאָלק. זייערע רעגיערער און פיהרער האָבען פעראורזאכט די דאָזיגע שרעקליכקייט, און דאָס דייטשע פאָלק, ווי אַ געטריי פאָלק דארף האנדלען, פאָלגט בלויז נאָך זיינע פיהרער. דאָס פאָלק איז פערבלענדעט און פערפיהרט. ווען מען זאָל זיי געבען אַ דעה אין זייער רעגיערונג, ווען מען זאָל זיי געבען אַ דעמאָ־קראטיע, וואָלטען ניט זיי און ניט קיין אנדערע פעלקער אין דער וועלט אריין אין אזא שוידערליכען און צושטערענדען קריעג.

דאָס איז וואָס דער ענגלישער פרעמיער מיניסטער מיינט ווען ער זאָגט, אז די עליים בעאבזיכטיגען ניט צו דיקטירען ווי דייטשלאנד זאָל זיך רעגיערען; אָבער ווען עס קומט צו פריעדענס טראקטאטען, האָבען די עליים אַ רעכט צו זאָגען וואָס פאר אַ רעגיערונג עס קען מיט זיי שליעסען אזעלכע טראקטאטען, און די דאָזיגע טראקטאטען קענען ניט געשלאָסען ווערען מיט דער היינטיגער דייטשער רעגיערונג, ווייל אמת, עהרע און טרייהייט צום געגעבענעם וואָרט שטעהען ניט אין רייסטער פון איהרע רעגיערער; אז אזא טרייהייט איז ניט נאָר וויכטיג אין יעדען מסחר צווישען מענשען, נאָר עס איז דער ווינקעלשטיין פון דער גאנצער ציוויליזאציאָן.

דייטשלאַנד׳ס פערברעכענס געגען דער ציוויליזירטער וועלט און געגען די פעראייניגטע שטאאטען.

די פסיכאָלאָגען, אָדער די מענשען וואָס שטודירען די ווירקונגען פון דעם מענש־ליכען פערשטאנד, פונקט ווי דער דאָקטאָר שטודירט דעם מענשליכען קערפער, שטימען אלע איין, אז אין פאל איהר האלט א מענשען דורכאויס אונטער איין אידעע, ווי שרעקליך און ווי נאריש דאָס זאָל ניט זיין, אויב זיין דענקען קריגט ניט קיין ווירקונג פון אַ געגען־ארגומענט, וועט ער אין זעהר אַ קורצער צייט גלויבען אין דעם וואָס מען לערענט איהם, איבערהויפט איז עס אמת מיט יונגע לייט ווען עס איז

אנפאנגען א קריעג פאר א „שטיקעל פאפיער“ און פאר „נייטראליטעט אויפ׳ן זוארט“. ענגלאנד האט זיך געשטעלט צוזאמען מיט די אנדערע מעכטע און איז אריין אין קריעג.

קיין מענש האנדעלט פון אן איינציגען, ניט־געמישטען מאטיוו. דאס זעלבע איז אויך מיט א נאציאן. עס איז אהן צווייפעל, אז ענגלאנד האט זעהר בראוו געהאנדעלט ווען זי האט איינגעשטעלט איהר צוקונפט אויף דעם רעזולטאט פון דער מלחמה. זי האט זיך געוויס ניט אפגענארט וועגען דער ערנסטקייט. זי האט געוואוסט, אז דאס איז א קאמפף פאר לעבען און טויט. עס איז קיין צווייפעל, אז וועהרענד איין מאטיוו איז געוועזען די פערלעצונג פון דעם טראקטאט מיט בעלגיען, האט זי אויך געזעהן קלאר וואס די פעראייניגטע שטאאטען האט געזעהן, אז בלויז אין דיעזען קריעג ליעגט איהר זיכערהייט; אז דייטשלאנד׳ס זיעג אין אייראפא בעדייטעט אויף שפעטער די עראבערונג פון ענגלאנד און דאן פון די פעראייניגטע שטאאטען. די דאזיגע בעטראכטונגען נעהמען ניט ארונטער, נאר זיי לעגען נאך צו צו ענגלאנד׳ס גערעכטפערטיגונג פארוואס זי איז אריין אין קריעג.

## דער וויכטיגער ויכוח.

רעגיערונג, ווי מיר האבען געזאגט, איז א געגענשטאנד וואס ענטוויקעלט זיך, און דאס ווערט אלץ מעהר און מעהר מענשליך ווי דאס פאלק פון דער דאזיגער רעגירונג ווערט קליגער און מעהר טאלעראנט. עס איז ניטא קיין נאציאן מיט א לאנגער געשיכטע, וואו מיר זאלען ניט געפינען אן אונבערעכטיגטע מלחמה און אונטערדריקונג פון שוואכערע נאציאנען, אבער עס איז די שטרעבונג פון דער מענשהייט און פון ציוויליזאציאן, אז אזעלכע מלחמות זאלען אויפהערען. מען פלעגט אמאל גלויבען, אז צוליעב דעם גליק פון א נאציאן מעגען די הערשער בעגעהן אלערליי געמיינהייטען; און מען פלעגט זאגען, אז „דערגרייכען דעם ציעל דורך אלערליי מיטלען איז די מאראל פון דעם שטאאטסמאן“. אין אנדערע ווערטער הייסט עס, אז וועהרענד פאר אייך וואלט עס געווען א פערברעכען צו ערמארדען אייער שכן ווייל אייך גלוסט זיך זיין לאנד, מעג אבער א נאציאן בעגעהן סיי־וועלכע לומפעריי מיט האלסייל־מערדעריי ווען עס וויל צונעהמען אן אנדער נאציאן׳ס לאנד. די היינטיגע ציוויליזאציאן אבער שרייבט צו צו א נאציאן דאס זעלבע רעכט און אונרעכט ווי צו אן איינצעלנער פערזאן. בלויז דייטשלאנד האלט נאך פון די אלטע טעאריען, אז דער שטאאט מעג האבען א טעות, אבער ער איז קיינמאל ניט אונגערעכט. מאדערנע שטאאטסמאנשאפט אנערקענט, אז פעלקער זאלען זיין פעראייניגט אין א רעגיערונג וואו עס איז נאר מעגליך לויט דער ראסע, און אז די בירגער פון יעדער רעגיערונג זאלען קריגען אלץ א גרעסערע דעה ביז זיי זיינען אימשטאנד זיך אליין צו בעהערשען. די הויפט קראפט פון ענגלאנד און איהרע צושפרייטע קאלאניען ליעגט אין דעם, וואס זי האט דאס אנערקענט און ערלויבט איהרע קאלאניען די פרייהייט פון רעגיערונג און האנדלונג.

האַאגער פריעדענס־טריבונאל. סערביען האָט זיך אזוי ערניעדריגט, אז די בערלינער צייטונגען האָבען געמעלדעט, אז סערביען האָט נאָכגעגעבען און קריעג איז פערמיעדען געוואָרען. מיט צוויי שטונדען שפּעטער האָט מען אונטערדריקט די דאָזיגע צייטונגען און דאן האָבען זיי געמוזט דרוקען, אז סערביען האָט צוריקגעוויעזען עסטרייך׳ס פאָדערונגען און קריעג איז אונפערמיידליך. וועהרענד די דיפּלאָמאטען האָבען זיך בעמיהט צו מאכען פערשיעדענע פאָרשלעגע וועגען פריעדען, האָט זיך עסטרייך דערווייל מאָביליזירט געגען סערביען און רוסלאנד האָט מאָביליזירט געגען עסטרייך. אלע מעגליכקייטען זיינען געטאָן געוואָרען דורך ענגלאנד, פראנקרייך, איטאַליען און רוסלאנד צו פערמיידען די קאטאסטראָפע. זייערע בקשות זיינען נאטירליך געמאכט געוואָרען צו דייטשלאנד, וויסענדיג אז זי קען קאָנטראָלירען עסטרייך. וועהרענד דייטשלאנד האָט אויסגעדריקט אַ וואונש פאר פריעדען, האָט זי זיך אָבער ענטזאגט עפּעס צו טאָן, בעהויפּטענדיג, אז די עהרע פון איהר פערבינדעטע, עסטרייך, איז פערמישט, און וואָס עס אנבעלאנגט אַ פראגע פון עהרע, מוז יעדע נאציאָן פאר זיך אליין ענטשיידען. עס ווייזט אויס, אז עסטרייך אליין האָט זיך דערשראָקען פאר די שרעקליכע רעזולטאטען און זיך איינגעהערט צו רוסלאנד׳ס פאָרשלאג צו „לאָקאליזירען" דעם קריעג, דאָס הייסט, אז עסטרייך וועט מעגען בעשטראָפען, אָבער ניט אונטערווארפען סערביען, שיקען אן ארמעע איבער דער דאָנוי, איינגעהמען בעלגראד, סערביען׳ס הויפּט־שטאָדט און זיך דאָרט אָפּשטעלען אויף אזוי לאנג ביז זי וועט שליסען פריעדען. אָבער דאָס וואָלט געהייסען די גאנצע צוזאמענברעכונג פון דייטשלאנדס פּלאן, און זי האָט זיך דערפאר אריינגעמישט. דייטשלאנד האָט דאן געשיקט אַן אולטימאטום צו רוסלאנד, בעהויפּטענדיג, אז זי, רוסלאנד, מאָביליזירט זיך קעגען איהר (וואָס איז אָפּגעלייקענט געוואָרען) און אז רוסלאנד מוז דעמאָביליזירען אלע איהרע טרופּען אין 24 שטונדען צייט. דערביי האָט זי בעאַבזיכטיגט צו פאָדערען עפּעס וואָס איז אונמעגליך נאָכצוקומען. רוסלאנד האָט געענטפערט, אז זי איז בערייט ווייטער צו אונטערהאנדלען מיט עסטרייך און זי האָפּט נאָך אלץ צו „לאָקאליזירען" דעם קריעג און אז איהרע אבזיכטען זיינען ניט געגען דייטשלאנד. דאן האָט זיך דייטשלאנד אליין מאָביליזירט און ערקלעהרט קריעג. דער קייזער האָט דראמאטיש ערקלעהרט פאר זיין פאָלק, אז דאָס איז אַ פערטיידיגונגס קריעג; אז דייטשלאנד׳ס שונאים „האָבען אריינגעשטופּט די שווערט אין זיינע הענד", און אז ער וועט די שווערט ניט צוריקנעהמען ביז דאָס פאָטערלאנד וועט זיין געזיכערט אין זיינע רעכטע קעגען די רדיפות פון אלע געוויסענלאָזע שונאים. דאן האָט דייטשלאנד, לויט איהרע ערשטע פּלענער, געשליידערט איהרע ארמעען געגען בעלגיען, פערלעצט איהר טראקטאַט מיט דער העלדישער קליינער נאציאָן, און געוואָלט נעהמען פּאַריז און בעזיעגען פראנקרייך דורך אַ שנעלען און פעררעטערישען צוג, ווייל זי האָט געוואוסט, אז פראנקרייך איז ניט פאָרבערייט זי צו עמפּפאנגען איבער דער בעלגישער גרענעץ. אזוי ווי ענגלאנד איז אויך געווען אונטערגעשריבען אויף דעם טראקטאַט פאר בעלגיען, האָט זי פּראָטעסטירט, ווייל זי האָט ניט געקענט צוזעהן און שווייגען ביי אזא פערברעכען. דייטשלאנדס קאנצלער האָט דאַן געפרעגט ענגלאנד אויב זי וועט

גערבייט פון דעם מאָרד פון עסטרייכישען קרוינפּרינץ מיט זיין פרוי, וואָס איז פּאָרגעקומען דעם 28טען יוני, 1914, ווען זיי האָבען געריייזט איבער באָסניען. מען דאַרף דאָ ניט פערגעסען, אז באָסניען איז געוואָרען א טייל פון עסטרייך. דער מאָרד איז דורכגעפיהרט געוואָרען פון א באָסניער, וועלכער איז ארויסגעשפּרונגען אויף די טרעפּען פון זייער דראָשקע און זייביידען דערשאָסען אויף טויט. עס איז געווען דייטליך אז דאָס פערברעכען איז בעגאנגען געוואָרען פון אן אנארכיסט, פונקט ווי פריהער איז ערמאָרדעט געוואָרען די אלטע עסטרייכישע קייזערין אין דער שווייץ. כאָטש דאָס איז געווען א געמיינהייט און עס האָט ארויסגערופען שוידער און עמפּעהרונג, האָט עס אָבער ניט געהאט קיין פּאָליטישע בעדייטונג. צייט איז פּאָראיבער. די אויסערע וועלט האָט געדענקט פון אנדערע זאכען. זאָגאר די שטאאטסמענער פון די אליאירטע נאציאָנען האָבען בעטראכט דעם עפּיזאָד אלס געענדיגט. ווען פון א קלאָרען הימעל, אָהן דער מינדסטער ווארנונג, האָט עסטרייך, אם 23טען יולי 1914, געשיקט אַן איבערראשענדען אולטימאטום צו סערביען. עס איז דאָ ניט נויטיג אריינצוגעהן אין די איינצעלהייטען פון עסטרייך'ס פּאָדערונגען. זיי זיינען געווען זעהר ערניעדריגענד. עסטרייך האָט בעשולדיגט סערביען, אז זי האָט ערלויבט און דורכגעפיהרט די קאָנספּיראציע, וואָס האָט געפיהרט צום טויט פון דעם טראָהנפאָלגער און זיין פרוי. ארעסטען האָבען געמוזט געמאכט ווערען. פּראָצעסען זאָלען אָנגעפיהרט ווערען אונטער עסטרייך'ס הערשאפט. אונטערטעניגע ווידוי'ס וועלען מוזען געמאכט ווערען, אז מען האָט בעגאנגען א פעהלער און פערשפּרעכען, אז אין דער צוקונפט וועט מען זיך אויפפיהרען אנשטענדיג, און דאָס זאָל פּאָרגעלעזען ווערען פאר דער סערבישער ארמעע. ציווילע און מיליטערישע בעאמטע פון סערבישען קעניגרייך מוזען ענטלאסען ווערען. דאָס און נאָך מעהר האָט עסטרייך פערלאנגט פון דער קליינער סערביען. די שטאאטסמענער פון דער וועלט שטימען איין, אז מען האָט נאָך קיינמאָל ניט געשטעלט אזעלכע פּאָדערונגען צו קיין אונאבהענגיגער נאציאָן, און דאָס איז אומיסטען געטאָן געוואָרען כדי סערביען זאָל עס ניט אָננעהמען, און אזוי זאָל קענען עסטרייך אָנפאנגען א קריעג. צו וואָס דאָס וואָלט געפיהרט האָט יעדערער פערשטאנען. רוסלאנד, לויט טראקטאט און לויט עהרען-פליכט וואָלט געמוזט בעשיצען סערביען געגען פערניכטונג, און זי וואָלט דערפאר געמוזט ערקלעהרען קריעג געגען עסטרייך. דייטשלאנד, לויט טראקטאַט, וואָלט דאן געמוזט העלפען עסטרייך. פראנקרייך ווידער וואָלט גע־מוזט העלפען רוסלאנד, און אזוי וואָלט אויסגעבראָכען דער קריעג וואָס דייטשלאנד האָט געוואָלט האָבען. סערביען'ס צייט צו ענטפערען אויף עסטרייך'ס אולטימאטום איז געווען בעגרענעצט אויף 48 שטונדען. ענגלאנד, פראנקרייך, רוסלאנד און איטא־ליען האָבען אלע געוואָלט פערהינדערען אן אייראָפּעאישען קריעג, און זייערע שטאאטס-מענער האָבען אָנגעווענדעט אלע מעגליכקייטען צו דעם צוועק. סערביען, אויף רוסלאנד'ס פערלאנג, אום צו פערמיידען קריעג, האָט געענטפערט מיט א גרויסער אונטערטעניגקייט נאָכגעבענדיג אלע עסטרייך'ס פּאָדערונגען אויסער איינע און וואָס עס אנבעלאנגט דיעזע פּאָדערונג (פּראָצעסען אין סערביען אונטער עסט־רייכישער קאָנטראָלע) האָט זי איינגעשטימט איבערצוגעבען די פראגע צום גרויסע

אַז איהר אַרמעע און פלאָטע וועלען ניט זיין גאַנץ פאַרבעריייטעט. זי האָט אויך געוואוסט, אַזוי ווי אין רוסלאַנד פעהלען טראַנספּאָרטאַציאָנס מיטלען, וועט עס פאַר איהר זיין זעהר שווער צו מאָביליזירען און צוזאַמענגעהמען איהר אַרמעע. וואָס עס אַנבעלאַנגט פראַנקרייך, האָט זי געגלויבט, אַז דער רעפּובליק׳ס מיליטערישע מאַכט איז אונבעדייטענד און זי האָט אויך געוואוסט, אַז זי האָט געשלאָגען פראַנקרייך אין 1870—1871 אין אַ קורצען קריעג. פיעלע פראַנצויזישע צייטונגען האָבען עפענטליך בעקלאָגט און בעדויערט דעם טרויעריגען צושטאַנד פון דער אַרמעע אין אַלע דעפּאַרטמענטען. זי האָט געגלויבט, אַז איטאַליען וועט זיך אַנשליסען צו איהר, אַלס אַ מיטגליעד פון דריי־בונד, אָדער, אין ערגסטען פאַל, וועט זי פערבלייבען נייטראַל. ענגלאַנד האָט געהאַט גרויסע אינערליכע צרות דורך דער איירישער האָום רול פראַגע. אין דער נאָרד־פּראָווינץ פון אירלאַנד האָט זאָגאַר שוין אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן. דער קייזער איז געווען דער פּראָקלאַמירטער פערטיידיגער און בעשיצער פון מאַכמעדאַניזם. אין אינדיען, וואו עס געפינען זיך מיליאָנען מאַכמעדאַנער, האָט דייטשלאַנד גערעכענט, און מיט דער הילף פון טערקישען סולטאַן, וועט זי דאָרט קענען אַרויסרופען אַ ד ז ש ע ה אַ ד, אָדער הייליגער קריעג, פון די מאַכמעדאַנער געגען די קריסטען. דאָס אַלעס, צוזאַמען מיט איהר פעראַכטונג צו ענגלאַנד׳ס קליינע אַרמעע, האָט בעוואויגען דייטשלאַנד צו גלויבען, אַז ענגלאַנד וועט פערבלייבען נייטראַל ווען זי וועט אָנגרייפען רוסלאַנד מיט פראַנקרייך. דער זיעג איבער די דאָזיגע מעכטע וועט עס מאַכען פאַר איהר זעהר גרינג, ביי דער פריעדען שליעסונג, צו פערלאַנגען, אַז זי זאָל בעהערשען בעלגיען און האָלאַנד. סערביען וועט מוזען ענטוועדער אוועקגענומען ווערען אָדער צושמעטערט ווערען. האָבענדיג די דאָזיגע אייראָפּעאישע נאַציאָנען און צולעגענדיג זייערע פלאָטען צו איהר פלאָטע, וועט שפּעטער קומען ענגלאַנד׳ס פאַל אָהן מיה. ווען זי וועט פאַרטיג ווערען מיט ענגלאַנד, וועט זי זיך נעהמען צו אַמעריקאַ, און מיר האָבען דאָס וואָרט פון אונזער געוועזענעם אַמבאַסאַדאָר אין דייטשלאַנד, אויסער אַנדערע בעווייזע, אַז דייטשלאַנד האָט געפּלאַנעוועט אַריינצודרינגען און בעזיעגען די פעראייניגטע שטאַאטען.

וועהרענד עס איז אַמאָל געווען די מאָדע צו פיהרען קריעג בלויז פאַר עראָבערונג, האָט די אינטערנאַציאָנאַלע מאָראַל דערגרייכט די שטופע ווען מען האָט ניט גינסטיג געקוקט אויף אַזעלכע מלחמות. דאָס איז אַזוי אמת, אַז זעהר ווענעג נאַציאָנען האָבען ערוואַרטעט צו קריגען אַן ענטהוזיאַסטישע שטיצע פון זייערע אייגענע בירגער, אויסער ווען דאָס פאָלק וואָלט זיך איבערצייגט, אַז עס איז אַ גערעכטער קריעג. דערפאַר האָט דער גרויסער ביסמאַרק געזאָגט, אַז „אום אַ קריעג זאָל זיין ערפאָלגרייך, מוז ער זיין פּאָפּולער, און אום ער זאָל זיין פּאָפּולער, מוזט איהר מאַכען אייער פאָלק גלויבען, אַז עס איז אָנגעגריפען געוואָרען“. מיט יעדען פּלאַן אויס־געאַרבייט, זאָגאַר אויך מיט איהר פערלעצונג פון דעם טראַקטאַט מיט בעלגיען, און גלויבענדיג, אַז דער פּאַסענדער מאָמענט איז געקומען, האָט דייטשלאַנד נאָך אימער געדאַרפט האָבען עפּעס אַן ענטשולדיגונג אום צו פערדעקען דאָס שרעקליכע פערברעכען וואָס זי האָט געפּלאַנעוועט. די דאָזיגע ענטשולדיגונג האָט זי אויס־

האָלאַנד און בעלגיען, קענען נאָר קומען דורך קריעג. טירקיי קען קאָנטראָלירט ווערען דורך אַ דייטשען פּראָטעקטאָראַט, און צו דעם צוועק איז מיט עטליכע יאָהר צוריק דער קריסטליכער קייזער געפאָהרען קיין טירקיי, די אונטערדריקערין פון קריסטליכע פעלקער, און עפענטליך זיך ערקלעהרט, אז ער איז טירקיי׳ס בעשיצער און אויך דער בעשיצער און פערטיידיגער פון מאַכמעדאַנישען גלויבען. ער האָט גרינג געקריגען די קאָנצעסיע צו בויען זיין באַהן דורך קליין אזיען צום פּערזישען גאָלף, אָבער צו פיהרען דיעזע אייזענבאַהן ביז נאָך דייטשלאַנד, האָט מען דאָס בעדאַרפט ציהען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל וועסט און נאָרד. דער איינציגער וועג איז געווען דורך דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל און דורך סערביען, און אזוי איז סערביען אריינגערעכענט געוואָרען אין דייטשלאַנד׳ס פּלענער. דער דאָזיגער וועג איז אויך בעשטימט געוואָרען צו זיין אַ גרויסער מיליטערישער וועג פון אירגענד אַ פּונקט וואָס דייטשלאַנד וועט דאַרפען גרייכען נאָרד אָדער זיד, אָסט אָדער וועסט. עס איז געווען די גרויסע ליניע ווען די צייט וועט קומען צו אונטערוואַרפען פּערזיען, אינדיען, עגיפּטען און רוסלאַנד׳ס זידליכע בעזיצונגען. וועהרענד עס האָט גענעבען די קאָנטראָלע איבער די באַלקאַנען, האָט עס אויך געגעבען דייטשלאַנד דעם פאָרצוג צו פיהרען שנעל איהרע טרופּען איבעראַל וואוהין דער קריעג רופט זיי. דייטש־לאַנד האָט אויך געבויט דעם קיעל קאַנאַל דורך דער דענישער האַלב־אינזעל, זיך נעהמענדיג דערביי אַ וואַסער־פערבינדונג פאַר איהרע גרויסע קריעגס־שיפען צווישען נאָרד־זעע און באַלטישען אָקעאַן. איהר אייזענבאַהן, אום זי זאָל נוצען צו מיליטע־רישע צוועקען, האָט געמוזט לויפען דורך דייטשע לענדער און אויך דורך לענדער פריינדליך צו דייטשלאַנד. עס האָט געמוזט דורכגעהן און איז דורכגעגאַנגען סער־ביען. אָבוואָהל סערביען איז געווען אַן אונאַבהענגיגעס לאַנד, איז דורך איהר ראַסע געווען סימפּאַטיש צו רוסלאַנד. עס איז געווען גוט בעקאַנט, אז רוסלאַנד האָט ער־קלעהרט, אז זי וועט בעשיצען די אינטערעסען פון די סלאַווישע לענדער אין די באַלקאַנען. סערביען איז געווען אין כעס אויף עסטרייך פאַרוואָס זי האָט ביי איהר אוועקגענומען די צוויי סלאַווישע פּראָווינצען באָסניא און הערצעגאָווינא. עס איז אָבער געלעגען אין דייטשלאַנדס אינטערעסע ניט צו ערלויבען סערביען זי זאָל וואַקסען און ווערען שטאַרקער. אָט דערפאַר האָט עסטרייך צוגענומען די צוויי פּראָווינצען.

## דער אויסברוך.

מיר קענען זיך איצטער ווענדען צום מיטען פון יאָהר 1914, ווען צום אָנפאַנג אויגוסט האָט אויסגעבראָכען דער גרויסער קריעג. לויט די ענטדעקונגען ביז יעצט, איז עס קיין צווייפעל, אז דייטשלאַנד האָט אויפגעצוואונגען דעם קריעג. זי האָט געגלויבט, אז די פּאַסענדע צייט איז געקומען, ווען זי וועט קענען עטאַבלירען איהר הערשאַפט איבער אייראָפּא, אויסער ענגלאַנד. איהרע שפּיאָנען און אַגענטען האָבען אָבער מיטגעטיילט, אז רוסלאַנד וועט ניט זיין זעהר היציג אונטער דער אַטאַקע. זי האָט אויך געגלויבט, אז רוסישע בעאַמטען־קאָררופּציאָן איז געווען אזוי גרויס,

פאטיע פון דער וועלט. ווען איהר קעניג, יאהאן סאביעטסקי, האט פערטריבען די טערקען האט ער ניט נאר גראטעוועט עסטרייך, נאר פיעלייכט אויך גאנץ אייראפא איז לויז געווארען פון טערקישער הערשאפט. די פרייד איז געווען אזוי גרויס, אז די גייסטליכע אין די קריסטליכע קירכען האבען געפרעדיגט פון דער ביבעל: „עס איז געווען א מאן, געשיקט פון גאט, און זיין נאמען איז געווען יאהאן“.

בעהמען, סלאוויש אלס ראסע, איז אמאל געווען אן אונאבהענגיגעס קעניג־רייך, איצטער אונטער עסטרייכישער הערשאפט. מיט יאהרען צוריק האט זי צוזא־מענגערופען אן אסיפה פון אלע סלאווישע פעלקער אונטער עסטרייכישער ממשלה, און דער איינציגער רעזולטאט דערפון איז געווען, וואס עסטרייך האט זי ערפאלגרייך אנגעגריפען.

דייטשלאנד׳ס איבערגעביטענע וועלט פאליטיק.

דייטשלאנד׳ס וועלט פאליטיק האט זיך איבערגעביטען פון דער צייט ווען איהר גרויסער קאנצלער ביסמארק האט בעהויפטעט, אז די גאנצע באלקאנישע האלב־אינזעל האט ניט די ווערט „די ביינער פון איין פאמעראנישען גרענאדיער“. די ענדערונג איז געקומען ווען דייטשלאנד האט בעשלאסען צו עראבערען די וועלט, גלויבענדיג דערביי, אז זי קען עס טאן. אזעלכע פלענער ווערען ניט פארטיג אין איין טאג. א נאציאן רעכענט צו לעבען אייביג און זי פרובירט צו בליקען אין א צוקונפט, וואו זי וועט פארמירען איהר גליק. ביסמארק האט אנגעוויעזען אויף דער גוטער מיליטערישער פאליטיק פון שלאגען די שונאים איינציגווייז, און אין פאל מען בעשליעסט צו בעזיעגען א געוויסע נאציאן, זאל מען זי פריהער אפזונדערען פון די אנדערע נאציאנען דורך איינרעדעניש, צוואנג אדער פעראייניגונג, ביז מען קען זי אליין אנגרייפען און אונטערטעניג מאכען אהן פיעל מיה. דייטשלאנד׳ס פלאן איז אלזא דעמאלט געווען ניט צו בעזיעגען די גאנצע וועלט ערקלעהרענדיג אן אלגעמיינעם קריעג, נאר אנפאנגענדיג אין אייראפא זאל זי איינציגווייז ברענגען די נאציאנען אונטער איהר יאך. אין די יאהרען פון איהרע פארבערייטונגען איז זי געווען מערקווירדיג בעשעפטיגט אין דער ענטוויקלונג פון איהר ארמעע און פלאטע און זיך ענטזאגט אויף ענגלאנד׳ס אויפפאדערונג איינצושטימען מיט איהר, אזביידע זאלען אויפהערען צו בויען קריעגס־שיפען. זי האט זיך אנגעכאפט אן צוויי אמעריקאנישע ערפינדונגען, די סובמארין און פליה־מאשין, אין געהיים האט זי זיי ענטוויקעלט און פערבעסערט. זי האט עס געמאכט דעם פלאן צו צושניידען אייראפא און קליין אזיען אין צווייען קאנטראלירענדיג דאס לאנד פון דער נארד־זעע ביז צום פערזישען גאלף. א בליק אויף דער לאנד־קארטע וועט וויזען וואס דאס בע־דייטעט. עס האט בעדייטעט אריינצונעהמען האלאנד און בעלגיען, מאכען פון פראנקרייך א קליינע און אונבעדייטענדע מאכט, ארויסטרייבען רוסלאנד אינגאנצען אדער טיילווייז פון אייראפא, בעהערשען טירקיי אין אייראפא און אין קליין אזיען, און אזוי אויסברייטען איהר מאכט ביז צום פערזישען גאלף. זי האט פערשטאנען, אז די לעזונג פון דער רוסישער און פראנצויזישער פראגע, ווי אויך די פראגע פון

אלטע אונטערדריקערין) אום צו בעזיעגען סערביען. זי האט בעהויפטעט, אז זי טוט דאס בלויז אום צוריק געווינען באדען וואס סערביען האט פון איהר אוועק־גענומען מיט אונרעכט. זי האט עס אבער געטאן אונטער דייטשען איינפלוס, ווייל דייטשלאנד האט שוין פון לאנג זיך בעשעפטיגט צו זעצען דייטשע רעגיערער איבער די באלקאנישע מדינות, און דער קעניג פון בולגאריען איז געווען איינער פון זיי.

גריכענלאנד, פערבונדען מיט אן אבמאך צו העלפען סערביען, האט עס ניט געטאן דורך דייטשען איינפלוס. דעם קעניג'ס ווייב איז געווען דעם דייטשען קייזער'ס שוועסטער. די עליים זיינען געווען הילפלאז צו ראטעווען סערביען און מאנטענעגרא, ווייל דאס צו טאן וואלט געהייסען צו לאזען א שטארקע גריכישע ארמעע אין רוקען, וואס וועט זיי קענען אנגרייפען. ענדליך האבען די עליים גע־צוואונגען דעם גריכישען קעניג ער זאל ארונטער פון טראהן און ארויפגעזעצט זיין זוהן. אבער גריכענלאנד איז איצטער אין דער ווירקליכקייט רעגיערט פון ווענע־זועלאס, דער פרעמיער מיניסטער, וועלכער סימפאטיזירט מיט די עליים.

רומעניען, רייך אין ווייץ און סטאדעס, האט אימער סימפאטיזירט מיט די עליים. זי האט געפאדערט די פרוכטבארע לענדער פון טראנסילוואניען, וועלכע זיינען בעהערשט פון עסטרייך נאר בעוואוינט מיט רומענער. זי איז אריין אין קריעג און אין א קורצער צייט ארום איז זי פערוויסט און צושטערט געווארען פון דייטשע, עסטרייכישע און טערקישע ארמעען. זי האט עפענטליך ערקלעהרט, אז אין דיעזער בעציהונג איז זי פערראטען געווארען דורך רוסלאנד, וועלכע האט פער־שפראכען זי צו בעשיצען און זי האט עס ניט געטאן. עס איז קיין צווייפעל, אז דעם קייזער'ס איינפלוס איבער'ן צאר איז געווען זעהר גרויס, ווי אויך דער איינפלוס פון דעם צאר'ס דייטשע פרוי, און דאס איז געווען די אורזאך פון דעם צאר'ס מפלה.

יאפאן, פערבונדען דורך אן אבמאך מיט ענגלאנד, איז אויפגעפאדערט גע־ווארען צו צושטערען דייטשען איינפלוס אויפ'ן פאציפישען ים. זי האט עס גלייך געטאן און זי איז פעראנטווארטליך דערפאר וואס דער פאציפישער אקעאן איז פריי פון דייטשע פיראטען.

### פוילען און בעהמען.

פוילען, אמאל א קעניגרייך אין אייראפא, דאס צווייטע אין גרויסקייט נאך רוסלאנד, איז אין 1795—1772 צוריסען געווארען און צוטיילט געווארען צווישען פרייסען, רוסלאנד און עסטרייך. דאס איז בעקאנט אלס „דאס פערברעכען פון דער צורייסונג פון פוילען“. פון צייט צו צייט האבען די פאלאקען פרובירט צו רעוואל־טירען אום צוריק צו געווינען זייער אונאבהענגיגקייט, אבער זיי האבען ניט געהאט קיין ערפאלג. קאסציוסקא איז געווען איינער פון איהרע רעוואלוציאנערע העלדען, און פיעלע פון אייך האבען געלעזען ווי אזוי „די פרייהייט האט געיאמערט ווען קאסציוסקא איז געפאלען“. די עליים האבען בעשלאסען וויעדער צו עטאבלירען פוילען אלס א נאציאן. פוילען'ס לאגע אפעלירט צו דער גערעכטיגקייט און סימ־

אויסגעהאַלטען די שטאַרקסטע פּלאַטע אין דער וועלט. זי האָט ניט געהאַט אַזאַ אָרגאַניזירטע אַרמעע ווי די אַנדערע, אייראָפּעאישע פעלקער. איהר גאַנצע רעגולערע און שטעהענדע אַרמעע ביים אויסברוך פון קריעג האָט ניט געצעהלט אַזוי פיעל מענשען ווי זי האָט היינט בלויז אין איהר עראָפּלאַן סקאַדראָן. כאָטש ענגלאַנד איז אין נאָמען אַ קעניגרייך, איז זי אָבער אין דער ווירקליכקייט אַ רעפּובליק ווי די פעראייניגטע שטאַאַטען. וועהרענד זי איז געווען פאַרבעריטעט מיט איהר פלאָטע זיך צו פערטיידיגען, האָט אָבער קיין פערנינפטיגער מענש ניט בעהויפּטעט, אַז זי רעכענט צו בעזיעגען די וועלט. דער פאַקט, אַז זי האָט ניט געהאַט קיין גרויסע אַרמעע בעווייזט, אַז איהרע פיהרער האָבען ניט געהאַט קיין וועלט־עראָבערונגס פּלענער. ווייל בלויז אַ פלאָטע, וועלכע קען בעשיצען קעגען דער איינדרינגונג דורכ'ן ים, קען ניט בעזיעגען קיין פערטיידיגענדעס לאַנד. איבריגענס האָט זי געהאַט גענוג וואָס זי בעזיצט אין אינדיען, אַפריקא, קאַנאַדא, אויסטראַליען און ניי זעעלאַנד אום ניט געהן זוכען נאָך און נאָך.

בעלגיען.

דאָס קליינע קעניגרייך פון בעלגיען וואָס שטעהט מיט איהר פראָנט צום נאָרד־זעע נעבען דעם ענגלישען קאַנאַל, וועמעס לאַנד בעשטעהט, מייסטענטיילס, פון ניעדריג־ליגענדע פלאַכען, איז גאַראַנטירט געוואָרען דורך אַ טראַקטאַט, אַז אין אירגענד אַ קריעג וועט איהר באָדען ניט געטשעפּעט ווערען. אין דער פערגאַנגענהייט איז איהר לאַנד פיעלע מאָל פערטרונקען געוואָרען אין בלוט פון קריעגערישע נאַציאָנען. איהר בעפעלקערונג, כאָטש ניט פיעל אין צאָהל, איז פון דעסטוועגען געווען ענטשלאָסען צו קעמפּפען ביז צום לעצטען מאַן פערטיידיגענדיג איהרע פרייהייטען. איהר לאַנד ליעגט אַזוי אַז דאָס בילדעט דעם פּאַסענדסטען דורכגאַנג פאַר דייטשלאַנד און פאַר פראַנקרייך אָנצוגרייפען איינע די צווייטע. יעדע אייראָפּעאישע נאַציאָן אין דער וועסט, אַריינגערעכענענדיג ענגלאַנד, איז געווען פעראינטערעסירט אויפצוהאַלטען בעל־גיען'ס אונאַבהענגיגקייט; ווייל ווען דייטשלאַנד זאָל קאָנטראָלירען בעלגיען, וואָלט דאָס געווען אַ נייער סטראַשונאָק געגען פראַנקרייך און אַ גרעסערע געפאַהר פאַר ענגלאַנד וואָס ליעגט בלויז עטליכע מייל פון יענער זייט קאַנאַל. אונטער די דאָזיגע אומשטענדען, האָבען פראַנקרייך, עסטרייך, פּרייסען און ענגלאַנד גאַראַנ־טירט דורך אַ טראַקטאַט ניט נאָר בעלגיען'ס אונאָפּהענגיגקייט, נאָר אויך, אַז איהר לאַנד זאָל ניט פערלעצט ווערען דורך אַ פיינדליכער אַרמעע. דאָס קליינינקע בעלגיען ווידער האָט איינגעשטימט אָנצוהאַלטען איהר נייטראַליטעט און זיך בעדיענען מיט איהר גאַנצער מאַכט צו בעשיצען איהר באָדען געגען אַ פיינדליכען איינדרינגער. שווייץ, אין דער זיד־זייט, האָט זיך געפונען אין דערזעלבער לאַגע ווי בעלגיען.

בולגאַריען, גריכענלאַנד, רומעניען און יאַפּאַן.

ב ו ל ג אַ ר י ע ן, אָבוואָהל סלאַוויש און שטאַרק פערפּליכטעט צו רוסלאַנד פאַר איהר אונאָפּהענגיגקייט, האָט זיך אָנגעשלאָסען צו דייטשלאַנד און צו טירקיי (איהר

טאָן, האָט עסטרייך־אונגאַרן אויסגענוצט די געלעגענהייט ווען רוסלאַנד האָט געפיהרט קריעג מיט יאפּאַן, און אוועקגענומען די צוויי לענדער, באָסניען און הערצעגאָווינא. זיי זיינען געווען סלאַווישע לענדער. סערביען האָט אלץ געגלויבט, אז מען וועט זיי פעראייניגען מיט איהר, און אזוי וואָלט עס אויך געווען ווען מען וואָלט איהר ערלויבט צו זאָגען אַ דעה. דאָס האָט געפיהרט צו גרויסער אונצופריעדענהייט אין רוסלאַנד ווי אויך אין סערביען. דער קייזער האָט „געקלונגען מיט זיין שווערט" און געסטראשעט רוסלאַנד מיט קריעג אין פאַל זי וועט זיך אריינמישען (1908).

פראנקרייך.

די פראנצויזישע רעפּובליק האָט שטארק געליטען פון דעם וואָס זי האָט געמוזט צאָהלען שאדענערזאַץ און אוועקגעבען באָדען נאָך איהר לעצטען קריעג מיט דייטשלאנד (1870—1). מען האָט פון איהר צוגענומען צוויי בעליעבטע און פראנצויזיששפּרעכענדע פּראָווינצען — עלזאַס און לאָטהרינגען. פיעלע אין אייראָפּא האָבען געהאָפט, אז עס וועט נאָך קומען א טאָג ווען זי וועט קענען צוריקגעווינען די פּראָווינצען וואָס דייטשלאנד האָט ערּאָבערט. עס איז אָבער קיין צווייפעל, אז ווען פראנקרייך האָט געמערקט ווי דייטשלאנד'ס בעפעלקערונג וואקסט און איהרע שטעהט אויף איין פלאַץ, איז די דאָזיגע האָפנונג שוואכער געוואָרען. די פראנצויזען האָבען דערווייל גוט שטודירט דייטשלאנד'ס אַבזיכטען און פּלענער, און נאָך איידער דער איצטיגער קריעג האָט אויסגעבראָכען האָבען זיי געוואוסט, אז די דייטשען ווילען ערּאָבערען די וועלט. דאַן האָט זי זיך געמאַכט מוטה, ניט פאַר אַנגריף, נאָר צו בעגעגנען דעם דאָזיגען גרויסען שטורם. זי האָט בעגריפען, אז אליין איז זי מאכטלאָז געגענאיבער דייטשלאנד, און זי האָט זיך בעפריינדעט מיט רוסלאנד און מיט ענגלאנד, פון וועלכען עס זיינען ארויסגעקומען די עליים. זיי האָבען זיך איינפערשטאַנען, אז זיי ווּעלען ניט זיין קיין אָנגרייפער, נאָר זיי האָבען בעשלאָסען וואָס צו טאָן אין פערטיידיגונג ווען די צענטראל מעכטע וועלען אָנגרייפען. יעדער האָט געוואוסט, אז עסטרייך־אונגאַרן וועט האנדלען פונקט ווי דייטשלאנד וועט הייסען. מען האָט אויך מורא געהאַט, אזוי ווי איטאַליען בעלאַנגט צום דריי־בונד וועט זי זיך אָנשליעסען צו זיי. איטאַליען האָט זיך אָבער ענטזאגט אנטייל צו נעהמען בעהויפּטענדיג, אז דער דריי־בונד איז נאָר געשאַפען געוואָרען פאַר זעלבסט־פערטיידיגונג, וועהרענד דער דאָזיגער קריעג איז אַן אָנגרייפענדער און איז ארויסגערופען געוואָרען פון דייטשלאנד און עסטרייך־אונגאַרן.

ענגלאַנד.

ווייל ענגלאנד איז אַן אינזעל, ווייל זי איז א גרויס פאבריצירענדעס און עקספּאָרטירענדעס לאנד, ווייל זי הייגנט אָפּ פון אימפּאָרטירטער נאַהרונג, ווייל זי האָט קאָלאָניען איבער'ן גאנצען ערד־קוגעל, האָט זי פאַר זעלבסט־שוץ געבויט און

דער נאציאָן. דאָס אריינדרינגען פון דער טערקיי אין אייראָפּא האָט צוטיילט די סלאווען, ווייל מאנכע פון די באלקאנישע מדינות, איבערהויפּט סערביען און בול־גאריען, באָסניען און הערצעגאָווינא זיינען געווען סלאוויש. צוויי הויפּט פאקטען אין רוסלאנד׳ס נאציאָנאלע ציעלען דארף מען ניט פערגעסען. ווי גרויס איהר טעריטאָריע איז, איז דאָס אלץ געווען נאָרד־לאנד און איהרע ים־האָפענס זיינען געווען אום ווינטער אָפּגעשלאָסען דורך אייז. זי האָט בעדארפט פאר׳ן קאָמערץ כאָטש איין „ווינטערדיגען האפען“, דאָס הייסט, א לאנד וואָס גרענעצט זיך מיט אן אָפענעם האפען אום ווינטער. אין איהר לאנד געפינט זיך אויך דער שווארצער ים, וואָס איז פארבונדען דורך די ענגע וואסער־וועגען, באָספאָר און די דארדאנעלען, מיט׳ן מעדיטעראנישען ים, און דורך דאָרט אויך מיט די ימים פון דער וועלט. אָבער די בעלי־בתים פון יענעם דורכגאנג זיינען געווען די טערקען פון קאָנסטאנ־טינאָפּאָל. די רציחות וואָס די טערקען האָבען בעגאנגען קעגען די סלאווישע פעל־קער, זייער שנאה צו אלע פאָרמען פון מאָדערנער ענטוויקלונג, די געמיינהייט און קאָרופּציאָן, צוזאמען מיט רוסישע אינטערעסען, האָבען געפיהרט צום קריעג פון 1878. רוסלאנד האָט דעמאָלט געפיהרט קריעג קעגען טירקיי אום זי ארויסצוטרייבען פון אייראָפּא און פאר זיך פערזיכערען א פרייען איינגאנג צום מעדיטעראנישען ים. רוסלאנד האָט געזיעגט אין יענעם קריעג, אָבער די אנדערע אייראָפּעאישע מעכטע פון יענער צייט, מורא האָבענדיג פאר רוסלאנד׳ס פּלענער און אבזיכטען, האָבען זיך אריינגעמישט, צושטערט איהרע פּלענער און ניט צוגעלאָזט זי זאָל אוועקנעהמען קאָנסטאנטינאָפּאָל. זי האָט אָבער געצוואונגען טירקיי אנצוערקענען די אומאָפּהענ־גיגקייט פון סערביען, מאָנטענעגראָ, בולגאריען און רומעניען.

דער צווייטער פאקט איז, אז רוסלאנד איז געוואָרען דער בעשיצער פון די סלאווישע באלקאנישע שטאאטען. ניט לאנג צוריק (1912) האָבען אייניגע פון די דאָזיגע באלקאנישע שטאאטען (גריכענלאנד, סערביען, מאָנטענעגראָ און בולגאריען) זיך פעראייניגט אום צו קעמפּפען צוזאמען און בעזיעגען אייראָפּעאישעס טירקיי. זיי זיינען ארויס די זיעגער, אָבער די גרויס־מעכטע האָבען זיי ניט ערלויבט צו טאָן וואָס זיי ווילען און צוטיילען די בעזיעגטע טעריטאָריע. מען האָט מיט זיי פונקט אזוי געטאָן ווי מיט רוסלאנד. בולגאריען האָט בעהויפּטעט, אז מען האָט זי שלעכט בעהאנדעלט ביי דער פערטיילונג און דאָס האָט געפיהרט צו א צווייטען באלקאנישען קריעג, וואו סערביען און גריכענלאנד האָבען זיך פעראייניגט און געשלאָגען בול־גאריען. רוסלאנד, ווי בעקאנט, האָט זיך אימער אנגענומען בולגאריען׳ס קריוודע. בולגאריען האָט עס דערפאר שטארק פערדראָסען וואָס רוסלאנד איז איהר ניט גע־קומען צו הילף, כאָטש ווי רוסלאנד האָט עס געקענט טאָן געגען די אנדערע סלאווישע שטאאטען, איז ניט פערשטענדליך. צום שלום פון רוסיש־טערקישען קריעג (1878) האָט מען בעשלאָסען, אז עסטרייך־אונגארן, וועלכע ליעגט נאָרד פון דער באלקא־נישער האלב־אינזעל און איז א נאָהענטער שכן, זאָל האָבען א מין פּאָליציי־פּראָ־טעקציע איבער מאנכע פון די אונרוהיגע קעניגרייכען (אונגעפעהר אזא מין פּראָ־טעקציע וואָס מיר גיבען קובא), און דאָס זאָל געדויערען אזוי לאנג ביז זיי וועלען קענען אכטונג געבען אויף זייערע אייגענע געשעפטען. אָנשטאָט אָבער דאָס צו

ים און ארום דעם שווארצען ים. זיי האָבען אָבער געהאלטען זייערע ערֹאָבערונגען אין איירֹאָפּא נאָהענט צו קאָנסטאנטינאָפּאָל, דאָס הייסט, די גאנצע באלקאנישע האלב־אינזעל. זייערע בעזיצונגען אין קליין אזיען זיינען קיינמאָל ניט ערנסט בעריהרט געוואָרען פון די איירֹאָפּעאישע לענדער. דאָ האָט מען אלזאָ געזעהן אַ פאָלק פון אַ פרעמדער ראסע, פון א פרעמדער שפּראך, פון אַ פרעמדער רעליגיאָן און מיט אַ ביטערען האס צו קריסטענטום; פון פרעמדע געזעצען און מנהגים, און בעקאנט מיט זיינע אכזריות און ווילדקייטען. די דאָזיגע אָטאָמאנישע טערקען זיינען געוועזען און געבליבען אין צאָהל זעהר וועניג אין פערגלייך מיט זייערע אונטערטעניגע פעלקער, און רעגיערט האָבען זיי דורכאויס מיט גרויזאמקייט און מיט דעם רעכט פון וואפען. איינע פון די בעהערשטע פעלקער אין קליין אזיען זיינען די ארמענער. אין איירֹאָפּא און אויף דער באלקאנישער האלב־אינזעל זיינען געוועזען די גריכען, די בעריהמטע פון דער היסטאָריע. און אין צפון זייט האָבען זיך געפונען די קלענערע לענדער און פעלקער, בולגאריען, סערביען, מאָנטענעגראָ, אַלבאניען, באָסניען, הערצעגאָווינא, און נאָך ווייטער אין צפון, רומעניען, אַ פאָלק, וואָס בעהויפּטעט, אַז עס שטאמט אָפּ פון די רוימער. אלע די דאָזיגע קריסטליכע פעלקער זיינען געוועזען אונטערוואָרפען צו טירקיי. זיי זיינען געוועזען זעהר אונרוהיג אונטער דער גרויזאמער הערשאפט פון זייערע הארען און פון צייט צו צייט פלעגען אויסברעכען מלחמות מיט מעהר אָדער וועניגער ערפאָלג פאר זייער אונאבהענגיגקייט. אין אלגעמיין אָבער האָט איירֹאָפּא זיך וועניג וואָס פעראינטערעסירט אין זייערע געשעפטען. די הויפּט אורזאכע דערפאר וועט דאָ שפּעטער אָנגעגעבען ווערען. דער גרויסער קאנצלער, ביסמארק, אונטער דעם קייזער׳ס ציידען און טאטען, וועלכער איז געוועזען מעהר פעראנטוואָרטליך פאר דייטשלאנד׳ס ערפאָלג ווי אירגענד אן אנדערער מענש, האָט ערקלעהרט, אז די גאנצע באלקאנישע האלב־אינזעל „איז ניט ווערט די ביינער פון איין פּאָמעראנישען גרענאדיער“.

רוסלאנד.

רוסלאנד איז געוועזען אַ ריעזיגע נאָרד אימפּעריע, וואָס האָט אין זיך אריינגענומען אַ גרויסען טייל פון איירֹאָפּא און זיך אויסגעשפּרייט העט ווייט איבער אזיען ביז צום פּאַציפישען אָקעאַן. זי צעהלט מעהר ווי צוויי הונדערט מיליאָן מענשען. אין ברייטען זין פון וואָרט, זיינען זיי פון דער סלאַווישער ראסע. דאָ קען מען בעמערקען, אז אלע פעלקער פון איירֹאָפּא (אויסער די טערקען און הונען) בעלאנגען צו דער אינדאָ־איירֹאָפּעאישער מענשען־פאמיליע, וואָס ווערט געטיילט אין סלאווען, טעאוטאָנען, גאַליער, לאטיינער און אזוי ווייטער. רוסלאנד מיט איהרע גרויסע מאסען און איהרע נאטירליכע קוועלען פון רייכטום האָט אויך געוואלטיגע מענשליכע קרעפטען. איהר ענטוויקלונג איז ניט נאָר געשטערט געוואָרען דורך איהר אויטאָקראטישער רעגיערונגס־פאָרם, וואו דער צאַר און זיינע יועצים זיינען געוועזען די העכסטע רעגיערער, נאָר אויך דערפאר ווייל די מענער וואָס האָבען געהאט די דאָזיגע קראפט האָבען זי שלעכט בענוצט און צוריקגעהאלטען דעם פאָרטשריט פון

## איטאַליען.

איטאַליען, וואָס איז אמאָל געווען דער צענטער פון דער גרויסער רוימישער אימפעריע, איז נאָכהער טיעף געפאַלען, ביז זי איז ענדליך געוואָרען א טייל פון עסטרייך און אונטערוואָרפען צו עסטרייכשער רעגיערערשאַפט. זי האָט דערגרייכט איהר אומאָבהענגיגקייט נאָך א לאַנגען קריעג און זי האָט זיך ווידער עטאַבלירט אלס דאָס קעניגרייך פון איטאַליען, א קאָנסטיטוציאָנעלעס קעניגרייך עהנליך צו ענגלאַנד. עס איז איהר אָבער ניט געלונגען אריינצוקריגען אלע לענדער בעוואוינט מיט איטאַליענער, וועלכע ליגען נאָרד און אָסט פון איהר האַלב־אינזעל נעבען דעם קאָפּ פון אדריאַטישען ים — טרענט און טריעסט. זי האָט אימער בעהויפּטעט, אז די דאָזיגע צוויי געגענדען דאַרפען געהערען צו איהר. דאָס בעדייטעט „איטאַליא אירעדענטאַ“ — דאָס ניט אויסגעלעזטע איטאַליען. איהר טייל אין דיעזען קריעג איז דער ציעל צוריק צו געווינען דיעזע געגענדען פון עסטרייך־אונגאַרן.

## טירקיי.

מיט עטליכע יאָהרהונדערטער צוריק האָט אן אונבעדייטענדער שבט, פון אן אָריענטאַלישען פאָלק, וואָס איז בעשטאַנען פון טאָטערען אָדער כינעזער, אַנגעפאַנגען אן עראָבערונגס־קריעג אונטער דער פיהרערשאַפט פון זייערען א הויפּטמאַן אָסמאַן, אָדער אָטהמאַן. זיי האָבען געהאַלטען פון דער מאַכמעדאַנישער רעליגיאָן און מיט זיך געבראַכט די רעליגיאָן: „דער קאָראַן, מס, אָדער שווערט“. זייער ערפאָלג אין קריעג, כאָטש מערקווירדיג, איז ער אָבער געווען בלויז עהנליך צום ערפאָלג פון אנדערע פעלקער מיט גוטער מיליטערישער אָפּריכטונג, וועלכע האָבען אין אָנפאַנג דערגרייכט א גרויסען עראָבערונגס־ערפאָלג. די גרויסע רוימישע אימפעריע, צום ביישפּיעל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון א קליינעם און אונבעקאַנטען שבט אין צענטראַל איטאַליען, האָט געהאַט אַ עהנליכען ערפאָלג. אלעקסאַנדער דער גרויסער (מוקדון) איז לכתחילה געווען דער רעגיערער בלויז פון אן אונבעדייטענדען שבט פון גריכענלאַנד, די מאַקעדאָניער. אזוי איז דאָס אויך געווען מיט די אָטאָמאַנער אָדער אָסמאַנלי טערקען, ווי מען האָט זיי גערופען. פאָרטשרייטענדיג פון זייער עראָבערונג אין קליין אזיען, האָבען זיי פערפלייצט ביידע ברעגעס פון דעם מעדיטעראַנישען ים, עראָבערענדיג עגיפּטען און די זיד־זייט פון דעם מעדיטעראַנישען ים, בעזיעגענדיג קאָנסטאַנטינאָפּאָל (די מזרח־רעגיערונג פון דער רוימישער אימפעריע), און די דערביי ליעגענדע באַלקאַנישע האַלב־אינזעל, איינשליסענדיג אויך גריכענלאַנד. זיי האָבען איינגענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל אויפ׳ן באָספּאָר (1453) און דאָס גאַנצע לאַנד נעבען שווארצען ים. נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבען זיי בעזיעגט וויען און זיי זיינען ענדליך געשלאָגען געוואָרען פון די פּאָלאַקען. יאָהאַן סאָביעסקי איז דעמאָלט געווען קעניג פון פּוילען, וואָס איז שפּעטער צוטיילט געוואָרען צווישען פּרייסען, רוסלאַנד און עסטרייך. נאָך יאָהרהונדערטער פון מלחמה, האָבען זיי פאַרלאָרען די טעריטאָריעס אויפ׳ן זיד ברעג פון דעם מעדיטעראַנישען

פון גאָט״; ער איז געווען „פעראנטוואָרטליך צו קיינעם בלויז צו גאָט״; „אונ־צווייפעלהאפטע געהאָרכזאמקייט איז דאָס פאָלק איהם שולדיג, ווייל ער איז גאָט׳ס פאָרשטעהער״. נאָך מעהר, די דייטשע פיהרער, אונטער דער לייטונג פון פרייסען, האָבען ענטוויקעלט די אידעע פון דעם שטאאט, פון דער רעגיערונג פון דייטשלאנד, ווי מען האָט נאָך ביז דאמאָלס ניט ערקלעהרט. דער בעגריף פון א שטאאט, א רעגיערונג, אָדער א נאציאָן אין אזעלכע לענדער ווי מיר האָבען, איז, אז אן אנצאָהל מענשען בעשליעסען צו לעבען אונטער געזעצע, וואָס זיי פערפאסען אליין און פיהרען דורך. זיי אָרגאניזירען זיך אין א שטאאט, ניט מיט דער אבזיכט פון איינדרינגען, ניט צו אטאַקירען אנדערע שטאאטען, נאָר צו פיהרען א פריעדליך און אנשטענדיג לעבען, און דורך אָרגאניזאציאָן צו זיין בעדייט זיך צו שיצען געגען אן אנגריף. אין אזא שטאאט איז יעדער איינער בערעכטיגט צו האָבען א שטימע, אנטייל צו נעהמען אין זיין רעגיערונג, און פאָרשלאָגען פערבעסערונגען אין די געזעצע און צושטענדען. אין דייטשלאנד, אלס א פועל יוצא פון פרייסישע לעהרען, האָט מען געזאָגט דעם פאָלק, און מיט דער צייט האָט א טייל אויך אָנגעהויבען צו גלויבען, אז דאָס גליק פון דער גאנצער וועלט הענגט אָפּ פון דייטשלאנד; אז דער דייטשער שטאאט, די אימפעריע, האָט א הויכען ציעל, און דער דאָזיגער ציעל איז צו קאָנ־טראָלירען די וועלט; און אזוי ווי דאָס דייטשע פאָלק איז דאָס גרעסטע אין דער וועלט, דאן וועט עס זיין פשוט א גליק פאר דער וועלט ווען זי וועט אלעמען בע־הערשען. „דייטשלאנד איבער אלעס״, איז געוואָרען דער פאָפולערער אויסדרוק פון דער דאָזיגער אידעע. דערפאר האָט דייטשלאנד׳ס אידעע, אז זי איז א שטאאט איבער אלע אנדערע שטאאטען, געפיהרט דערצו צו ערקלעהרען, אז וואָס איינער פון איהר פאָלק טוט, סיי וואָס עס זאָל ניט זיין, קען ניט זיין אונרעכט ווייל דאָס איז געטאָן געוואָרען אונטער פיהרונג און אויטאָריטעט און איז דערפאר נויטיג צום וואָהל און בעסטען פון שטאאט. אָט דאָס איז געווען דייטשלאנד׳ס האלטונג פאר׳ן אויסברוך פון קריעג. די דאָזיגע פלענער פון וועלט־עראָבערונג געהען אונטער דעם אויסדרוק „פאן־גערמאניזם״. עס וועט דערפאר אויך נויטיג זיין צו בעטראכטען בקיצור די פאָזיציעס פון די אנדערע אייראָפּעאישע נאציאָנען.

עסטרייך־אונגאַרן.

דייטשלאנד׳ס אליאירטע אונטער דעם טריפעל־אליאנס, איז אָפט בעקאנט אלס די דאָפּעלטע מאָנארכיע, ווייל דער קייזער פון עסטרייך איז אויך דער קעניג פון אונגארן. די נאציאָן איז צוזאמענגעשטעלט פון פיעלע פעלקער, וועלכע האָבען פערשיעדענע ראסען און פערשיעדענע פאָליטישע שטרעבונגען. איהר הערשער אָבער איז א דייטש. פאר אונזער צוועק איז עס גענוג צו בעהויפטען, אז עס איז שוין פון לאנג בעקאנט, אז האנדלענדיג מיט אנדערע נאציאָנען איבער ערנסטע אינטערנאציאָ־נאלע פראגען, איז עסטרייך־אונגארן אימער בעהערשט געוואָרען פון דייטשלאנד. עסטרייך־אונגארן און דייטשלאנד האָבען פון אימער אָן מקנא געווען און מורא געהאט פאר דער וואקסענדער מאכט פון רוסלאנד.

אויך געוואָרען פונקט אזוי טהעטיג אין אלעמען וואָס איז נוגע מלחמה. זי האָט ערצויגען יעדען איינעם פון איהרע יונגע לייט אלס סאָלדאטען, ביז וואנען זי האָט ניט נאָר געהאט אן ארמעע, נאָר די גאנצע נאציאָן איז געוואָרען איין ארמעע. זי איז אויך געוואָרען שטארק טהעטיג אין בויען אַ קריעגס פלאָטע, ביז איהר פלאָטע איז געוואָרען די צווייטע אין דער וועלט און איז איבערגעשטיגען בלויז פון ענגלאנד. זי האָט בעהויפּטעט, אז זי טוט דאָס אלץ צוליעב פריעדען אום זיך צו בעשיצען געגען אַ מעגליכען אנגריף פון מעגליכע שונאים מיט וועלכע זי איז ארומגערינגעלט, מייטענדיג דערביי רוסלאנד אין מזרח זייט און פראנקרייך אין מערב זייט. זי האָט זיך פערבונדען דורך אַ טראקטאט מיט עסטרייך־אונגארן און מיט איטאליען, מיט דער בעדינגונג, אז זיי וועלען דארפען העלפען דעם דריטען אונטער געוויסע בעדינגונגען. דער טראקטאט איז געווען בעקאנט אונטער'ן נאָמען „טריפּעל אליאנס", און די נאציאָנען וואָס האָבען דאָס צוזאמענגעשטעלט זיינען געווען בעקאנט ביז דעם אויסבּרוך פון דער מלחמה, אלס די אליאירטע. די איבריגע מעכטע, רוסלאנד, פראנקרייך און ענגלאנד, האָבען ניט געהאט קיין טראקטאט. צווישען זיי איז בלויז געווען אַ פערשטענדיגונג וואָס זיי זאָלען טאָן אין אַ פאל פון קריעג, אָדער, אין דער שפּראך פון די פראנצויזישע דיפּלאָמאטען, האָט עס געהייסען „אנטאנט", און זיי זיינען נאכהער בעקאנט געוואָרען אלס די „אנטאנט מעכטע". מען רופט זיי אָבער איצטער די „עליים", און דייטשלאנד מיט עסטרייך־אונגארן רופט מען די „צענטראל מעכטע". אין דער דאָזיגער אָפּהאנדלונג וועלען מיר זיי אויך אזוי אָנרופען.

ניט אכטענדיג אויף דייטשלאנד'ס אָפיציעלע בעהויפּטונגען, אז איהרע גרויסע ארמעען און פלאָטען זיינען בלויז פאר איהר פערטיידיגונג, האָבען מיט יאָהרען צוריק און באלד נאָכ'ן קריעג מיט פראנקרייך, איהרע פּראָפעסאָרען אין די אוניווערסיטעטען און די לעהרער אין די שולען, אין ביכער, אין פאָרטרעגע צו זייערע קלאסען, געלערענט פאָלגענדעס: אז צווישען אלע ניעדריגע קלאסען חיות זיינען די שוואכע אונטערגעגאנגען און פלאץ געמאכט פאר די שטארקערע און בעסערע; אז דאָס איז אויך דער פאל מיט דער מענשהייט; אז די געשיכטע פון מענשען ווייזט אָן אויף די פערניכטונג פון צאָהלרייכע שבטים און ראסען און פעלקער, און אז דער דאָזיגער קאמפּף פאר הערשאפט מוז אָנגעהן; אז דער דייטשער געדאנק און דער דייטשער כאראקטער זיינען די העכסטע אין דער וועלט, און עס איז דאָס רעכט און די פליכט פון דייטשלאנד דאָס אויפצודרינגען אויף דער וועלט דורך אונטעריאָכונג, און, ווען נויטיג, פערניכטען די ניעדריגערע פעלקער. די ביהמעס האָבען געפּרעדיגט דיזעלבע לעהרע, זאָגענדיג: „דאָס דייטשע פאָלק איז אימער גערעכט, וויילע עס איז דאָס דייטשע פאָלק"; „דייטשלאנד איז די צוקונפט פון דער מענשהייט"; „דאָס פאלען פון דייטשלאנד וואָלט אויך געווען דאָס פאלען פון דער מענשהייט."

די עפענטליכע בעהויפּטונגען פון דעם קייזער דורך אַ רייהע פון יאָהרען האָבען בעוויזען, אז ער האלט זיך נאָך אלץ אָן דער אלטער אָדער מיטעלאלטערליכער אידעע, אז די קעניגע האָבען אַ געטליך רעכט. ער „האָט געהאלטען זיין מאכט דירעקט

איז אוועקגענומען געוואָרען פון פאָלק און איבערגעגעבען געוואָרען צו פאָרשטעהער וואָס דאָס פאָלק האָט ערוועהלט. דער פרעמיער מיניסטער פון ענגלאנד און די איבריגע מיניסטאָרען זיינען אין דער ווירקליכקייט ווי דער פרעזידענט פון די פערייניגטע שטאאטען און זיין קאבינעט.

די אימפעריע פון דייטשלאַנד.

אין צוויי אייראָפּעאישע לענדער האָט דאָס פאָלק, אויס פערשיעדענע אורזאכען, זיך ניט אזוי שטארק צוגעאיילט זיך צו פערזיכערען מיט רעגיערונגס־מאכט. דיעזע לענדער זיינען געווען רוסלאנד און דייטשלאנד. דאָס ערשטע לאנד, אָדער רוסלאנד, האָט דורך א רעוואָלוציאָן אָפּגעשאפט דעם צאַר, אָדער קעניג, און איז געוואָרען א דעמאָקראטיע. אָבער מיט דייטשלאנד איז דאָס ניט געווען דער פאל. די דייטשע אימפעריע איז צוזאמענגעשטעלט פון עטליכע מלוכות, איינע פון זיי איז די מלוכה פון פרייסען. די דאָזיגע מלוכות, מיט קלענערע פירסטענטימער, זיינען אמאָל געווען ניט פעראייניגט און זיי האָבען זיך בעשטענדיג געקריעגט, ביז פרייסען, די מעכטיגסטע, דורך סטראַשונקעס, דורך איינרעדעניש און דורך א שטארקער האנד פון מיליטערישער ערֹאָבערונג, האָט זי געבילדעט פון אלעמען די דייטשע אימפעריע, איבער וועלכער דער קעניג פון פרייסען זאָל זיין דער אויבער־הערשער. אזוי איז פרייסען, פון אימער אָן א מיליטערישע נאציאָן, געוואָרען דער רעגיערער איבער דעם שיקזאל פון דער דייטשער אימפעריע, און דער קייזער האָט געמאכט אזא קאָנסטיטוציע און געזעצע פאר דער אימפעריע, אז דאָס זאָל איהם אימער געבען די פאָלשטענדיגע קאָנטראָלע. דער דייטשער קאנצלער איז ניט ערוועהלט פון פאָלק, ווי אונזער פרעזידענט, אָדער דער פרעמיער מיניסטער פון ענגלאנד. ער ווערט ערנאנט פון קייזער און איז פעראנטוואָרטליך בלויז צום קייזער. דער דייטשער רייכסטאַג (אָדער קאָנגרעס), איז ניט ווי דער אמעריקאנישער קאָנגרעס אָדער ענגלישער פארלאמענט, וואָס מאכט געזעצע און ערקלעהרט קריעג. עס איז בלויז די לעדיגע שאָלעכץ פון א קאָנגרעס. עס איז בלויז א מין דעבאטירענדע געזעלשאפט, וואָס קען נאָר לויבען אָדער זיך בעקלאָגען אין ווערטער, וועלכע האָבען א געוויסען איינפלוס, אָבער קיין געזעצליכע מאכט.

די דייטשע אימפעריע, אָבוואָהל זי האָט זיך געהאלטען שוין פריהער אין בויען, איז פארטיג געוואָרען ערשט נאָך דעם פראנצויזיש־דייטשען קריעג פון 1870—1871, ווען פרייסען האָט צוגענומען ביי פראנקרייך איהרע פראָווינצען עלזאס און לאָטהרינגען און זי האָט געצוואונגען איהר צו בעצאָהלען א שווערען שאדען־ערזאץ. נאָך דעם האָט די דייטשע אימפעריע געמאכט גרויס ערפאָלג. זי האָט ענטוויקעלט גרויסע אינדוסטריען און זיי געבראכט צו גאָר א הויכער שטופע. זי האָט געבויט א גרויסע האנדעלס פלאָטע צו פיהרען איהר סחורה אין אלע מארקען פון דער וועלט, און אין אלעמען האָט איהר רעגיערונג געהאָלפען. מיט די דאָזיגע גרויסע פאָרטשריטע אין דער קונסט פון פריעדען, האָט זיך עס באלד ארויסגעוויזען, אז דייטשלאנד איז

# די אורזאַך און בעדייטונג פון דער מלחמה

צו יענע וואָס זיינען אין דיענסט פון די פעראייניגטע שטאאטען, אין איהרע ארמעען און פלאָטען, און צו יענע וועלכע קענען גערופען ווערען צו דער דאָזיגער דיענסט:

דיזע וועלט־מלחמה האלט שוין אָן איבער פיער יאָהר. זי האָט אָנגעפאנגען ווען פיעלע פון אייך זיינען נאָך געווען צו יונג צו שטודירען איהר בעדייטונג אָדער זיך פיעל פעראינטערעסירען אין איהר פאָרטשריט, ווייל עס האָט אויסגעזעהן, אז די פעראייניגטע שטאאטען קען ניט ארייננגעצויגען ווערען אין דער מלחמה. איצטער ווייסט איהר, אז איהר זיינט אין קריעג, עס וועט אָבער קיינעם ניט איבערראשען ווען פיעלע פון אייך בעגרייפען ניט גענוי פאר וואָס מיר זיינען דאָך אריין אין קריעג. מיין אַבזיכט איז אייך צו ערקלעהרען די אורזאכען בקיצור און אין איינפאכע ווער־טער. אָבער אפילו איידער איך טו דאָס וועלען נויטיג זיין עטליכע ווערטער איבער דער מענשליכער ענטוויקלונג און רעגיערונג און די צושטענדע פון די קריעגערישע פעלקער.

דער מענשליכער בעגריף פון גאָט איז, אז עס געפינט זיך אַן אַל־קלוגער, אַן אַל־מעכטיגען און אַל־גוטער בעשעפער, וועלכער נעהמט אַ פערזענליכע אינטערעסע אין דער געגענוואַרט און אין די צוקינפטיגע לעבענס פון מענשען. ווען איהר זאָלט קענען צופאסען אזא אידעע פון אַ גייסטיגער בעשעפעניש צו דער ערד, וועלען דאַן אלע איינשטימען, אז קיין פאָלק וואָלט בעדארפט בעסער רעגיערט ווערען ווי פון אזא אַל־קלוגען, אַל־מעכטיגען און אַל־גוטען קעניג אָדער קיסר; און דאָס איז געווען אקוראט די אידעע פון אַ קעניגטום אין די אלטע צייטען. דער קעניג האָט עפּעס געזאָגט זיין פאָלק, און דאָס פאָלק האָט געגלויבט, אז ער האלט די מאכט דירעקט פון גאָט און ער רעגיערט לויט דעם געטליכען ווילען. מיט דער צייט האָט דאָס פאָלק ערפאהרען, אז דאָס קען אזוי ניט זיין, ווייל עס איז בעהאנדעלט געוואָרען מיט אכזריות און רדיפות, און דערפאר האָט דאָס פאָלק ניט נאָר אויפגעהערט צו גלויבען אין „געטליכען רעכט פון קעניג“, נאָר עס האָט אָנגעפאנגען צו גלויבען, אז דאָס פאָלק אליין האָט אַ רעכט צו זאָגען אַ דעה איבער זיין שיקזאל. אין דעם דאָזיגען גלויבען איז געלעגען דער ווינקעלשטיין פון דעמאָקראטיע. דאָס הייסט איינפאַך רעגיערונג פון פאָלק, פונקט ווי רעפּובליקאניזם מיינט רעגיערונג פון פאָלק דורך פאָרשטעהער. די דאָזיגע אידעע פון דעמאָקראטיע — פון פאָלק וואָס נעהמט דאָס רעכט צו רעגיערען — האָט זיך פארשפּרייט איבער אַ גרויסען טייל פון דער ציוויליזירטער וועלט. אין מאנכע לענדער, ווי אין פראנקרייך און אמעריקא, איז קעניגטהום, אפילו בלויז אין נאָמען, אָפּגעשאפט געוואָרען. אין אנדערע לענדער איז נאָר די פאָרמע פון אַ מלוכה אָנגעהאלטען געוואָרען, אָבער די מאכט פון מלוכה

„אונזערע רעכטע זיינען שטארק פערלעצט געוואָרען, אונזערע בירגער זיינען ניעדערטרעכטיג ערמאָרדעט געוואָרען אונטער זייער אייגענער פאָהן, אונזערע שכנים זיינען איינגעלאַדען געוואָרען צו עראָבערן אונזער באָדען, אונזער געדולד פאָדערענדיג גערעכטיגקייט און מענשליכקייט איז בעגעגענט געוואָרען מיט שענדליכען און געמיינעם פערראַט.“

„אמת'ע אמעריקאנער, יענע וואָס ארבייטען דאָ פאר אַ היים און האָפען אויף בעסערע זאכען, וועמעס אויפגעהויבענע אויגען האָבען דערזעהן אַ בעפרייטע וועלט, האָבען בעהויפּטעט, אז דער פּרינציפּ פון בלוט און אייזען מוז אויפהערען, און אז גלייכע גערעכטיגקייט, וואָס איז דאָס הארץ פון דעמאָקראַטיע, זאָל רעגיערען אויף זיין פּלאַץ.“

— פּרעזידענט וואודראָו ווילסאָן.

# די אורזאך און בעדייטונג פון דער מלחמה



פון פ. וו. העגשאָ

ריכטער פון סופּרים קאָורט פון קאַליפאָרניא.

# די אורזאך און בעדייטונג פון דער' מלחמה

פון פ. וו. הענשאָ
ריכטער פון סופרים קאָורט פון קאליפאָרניא.

אידישע איבערזעצונג פיי
ד. מ. הערמאלין



# The Cause and Meaning of This War

By F. W. HENSHAW
*Associate Justice of the Supreme Court of California.*

*Yiddish Translation*
*By D. M. HERMALIN.*

**PRICE 25 CENTS**